פערלאג די „יודישע ביהנע".

די

# געבראכענע הערצער

דראמא אין 4 אקטען

פון

ז. ליבין.



ווארשא—תרס"ח

**ГЕБРОХЕНЕ ГЕРЦЕРЪ**

т. е. Ломанные сердцы

Драма въ 4-хъ дѣйствіяхъ

соч. З. Либина.

Hurewitz
Die gebrochene herzer

פערלאג די „יודישע ביהנע".

# די
# געבראכענע
# הערצער

דראמא אין 4 אקטען

פון

ז. ליבין.

ווארשא—תרס"ח

**ГЕБРОХЕНЕ ГЕРЦЕРЪ**

т. е. Ломанные сердцы

Драма въ 4-хъ дѣйстіяхъ

соч. З. Либина.

# די פערזאָנען:

| | |
|---|---|
| נחום עסטערין. | אַ חזן |
| פייגע. | זיין פרוי |
| מעכלע | זייערע קינדער |
| גיטעלע | |
| בענושעמען. | גיטעלעס געליעבטער |
| אביגדור. | דעם חזן'ס נעפפע |
| שפרינצע. | זיין פרוי |
| גלאַטקין. | אַ שדכן |
| דאָקטאר. | |
| וועכטערין. | |

# ערשטער אקט.

---

(א בעל־הבתיש מעבלירט צימער ביי נחום עסטערין. שבת־צונאכטס, עס איז נאר וואס נאכט געווארן. אויף דער בינע איז דונקעל.)

---

**מעכלע:** נו מאמעניו מע מעג שוין?

**פייגע:** יא מיין קינד, מע זעהט שוין ווי די שטערענדליך שיינען אין הימעל. דו הערסט מעכלע, אז איך קוק דא אויפ'ן הימעל, ווייזט זיך מיר אויס, אז מיר זענען אין אונזער שענע שטאדט ארשע, דער אייגענער קלארער הימעל — די אייגענע ליכטיגע שטערן; אוי טאטע פאטער, דו ביסט אויף דער גאנצער וועלט דער־זעלבער הער!

**מעכלע:** דערפאר מאמעניו אז מען קוקט ניט אויף דעם הימעל נאר אויף דער ערד, דערקענט מען שוין באלד אז מען איז אין ניו־יארק. און נישט אין ארשע — (צינדט אן ליכט.) אוי! ווי די יאהרען לויפען, שוין דעם צווייטען יאהר'צייט שטעל איך נאך מיין מאנן.

**פייגע:** אונז אללע צו לאנגע לעבענדיגע יאהר... וואסזשע מעכלינקע — סעמי איז נישט געגאנגען אין שול אריין קדיש זאגען?

**מעכלע:** ניין!

**פייגע:** ניין? ער שפיעלט זיך נאך גאר מיט די קינדער אין גאס.

**מעכלע:** (עפענט דאָס פענסטער) סעמי! סעמקע! אַ הער־
גע!

**פייגע:** וואָסזשע מעכלינקע, געהסט שוין ווידער בלענדען
די אויגען בײַם לאָמפּ? וועניג אַרבײַטסט דו גאַנצע
טעג?

**מעכלע:** די טעג — מאַמע — ווערען שוין קלענער, מע מוז
שוין אַביסעל צואַרבײַטען בײַ'ם לאָמפּ, וואָס זאָל מען
טהון?

**פייגע:** אוי! שונאי ציון זאָלען דאָס האָבען אויף זייער
לעבען, וואָס דו האָסט אין גאַנצען פאַר דײַן אַרבײַט.
בעט בעסער בײַ'ם פאָטער אין הימעל אַז ער זאָל שיקען
דעם טאַטען אַ גוט יאָהר, שוין ב"ה 2 וואָכען צו ראש
השנה, און עס פערקויפט זיך זעהר וועניג טיקעטס צום
טאַטענס שול. דער טאַטע געהט אַרום אָהן אַ קאָפּ.
ער זאָגט אַז די גבאים קענען נאָך צונעמען איין אַנדערן
חזן אויף זײַן אָרט. — ווען עס זאָלל זיך וועניג
טיקעטס פערקויפען, די בעזע שעה זאָל ניט זײַן. אויף
יודישקײַט קוקט מען דאָך דאָ ניט — וואו אַ לעדיג
הויז — וואו אַ לעדיגע געוועלב מאַכט מען שולעכליך
אויף ימים נוראים און מען פערקויפט טיקעטס בחצי
חנם. חזנים פעהלען דאָך, גאָט זײַ דאַנק, ניט...
וואו אַ לעדיגגעהער ווערט אַ חזן.

**מעכלע:** געוואַלד וואָס טהו איך פאָרט מיט דעם?

**פייגע:** וואָס איז שוין ווײַטער?

**מעכלע:** שוין ווידער אַ נײַער פּאַסאָן, איך הויב אַפילו נישט
אָן צו וויסען ווי אַזוי אַרײַן צו קריכען אין דעם. —

**פייגע:** נאָ וואַרט אוים ביז גיטעלע וועט קומען — זי וועט
דיר שוין זאָגען. — זי קען דאָך אַלעס און ווײַסט
דאָך אַלעס. געזונד און שטאַרק זאָל זי נאָר זײַן —
און זאָג: ווער לערנט זי? אין איהרע ביכליך האָט זי־



דענן איימיצער געלערנט? קיינער ניט — עס פעהלט
נאָר זי זאָל זײַן אַביסעלע געזונדער, וואָלט זי געווען
בײַ אונז איין אמתע ברכה פון זײַן ליעבען נאָמען, נאָר
איך פאַרשטעה ניט פאַר וואָס זי זאָמט זיך הײַנט לענגער
ווי תמיד? עס איז שוין אַזוי שפּעט און זי איז נאָך
נישטאָ, וואָסזשע מעכלינקע זי אַרבײַט אפשר פײַער
אַבענד? (מע קלאַפּט.)

**פייגע:** אַרײַן! (אביגדור קומט אַרײַן)

**אביגדור:** אַלץ איינס! אַ גוט איווניגק

**פייגע:** אַ גוט נאָווענט.

**מעכלע:** גוט איווניגק! וואָס מאַכט שפּרינצע, אביגדור?

**אביגדור:** ביידע זענען קראַנק!

**פייגע:** ווער ביידע?

**אביגדור:** שפּרינצע און דאָס פערד!

**פייגע:** אוי ווי דו רעדסט, שפּרינצע און דאָס פערד זענען
בײַ דיר גלײַך? וואָלסטו חאָטשע געזאָגט להבדיל!

**אביגדור:** להבדיל הײַנט להבדיל מאָרגען עס איז ניט גוט —
אַז אַ ווײַב איז קראַנק, עס איז אויך ביטער אַז דאָס
פערד איז קראַנק.

**מעכלע:** וואָסזשע, זי ליגט?

**אביגדור:** ביידע ליגען — שפּרינצע ליגט אין בעט, און דאָס
פערד ליגט אין שטעלכעל.

**פייגע:** וואָס פעהלט שפּרינצען?

**אביגדור:** ווער ווייסט זיי די ווײַבער, זי איז גרין ווי איין
אוגערקע, סמאָטשקעט לימענע, קענן ניט קוקען אויף קיין
פליייש, און...

**פייגע:** אויב אַזוי, וועט זי שוין ניך געזונד ווערען,
משוגענער אביגדור!

אביגדור: געוויס וועט זי געזונד ווערען, הלואי אויף דעם פערד געזאָגט.

מעכלע: זאָג נאָר אביגדור. ווי ביסטו היינט אַרויס געפאָהרען מיט גרינס, אַז דיין פערד איז אַזוי קראַנק?

אביגדור: איך האָב געדונגען אַ פערד איז טאַקי געוועזען טו דע דעוועל: און געלד האָט געקאָסט, און קיין הנאה ניט געהאַט... אוי! אַ ביטערע עין הרע.

פייגע: ביי וועמען עין הרע? ביי שפרינצע?

אביגדור: ניין, ביים פערד. שפרינצען וועט שוין קיין 20 עין הרע'ס אויך ניט טרעפען — דאָס פערדיל איז געווען אַ שענס האָט מען זיך דרויף פערקוקט, האָט זיך עס אַוועק געלעגט — איי נאָר וואָס טויג מיר דאָס? וואו איז דער פעטער?

מעכלע: צו וואָס דאַרפסטו דעם טאַטען?

אביגדור: איך האָב היינט געמאַכט פאַר דעם פעטער אַשטיקעל געשעפט.

מעכלע: וואָס פאַר אַ געשעפט?

אביגדור: איך האָב היינט צווישען מיין סחורה פערקויפט אַ פאָר טיקעטס צום פעטערס צירק!

מעכלע: צירק?

פייגע: צירק? וואָס פאַר אַ צירק? אוי אביגדור! דו רעדסט עפּעס היינט אַזוי מאָדנע אַז מען פערשטעהט דיך גאָר ניט.

אביגדור: וואָס איז דער דיפערענץ מומע, אַ צירק אַ שול, דעטס אָנלו ביזנעס און דעטס אַלץ —

## סעמי.

סעמי: האָסט מיך גערופען, מאַמע?

מעכלע: יאָ מיין קינד! פאַר וואָס געהסטו נישט אין שול



אַריין קדיש זאָגען? איך האָב דאָך דיר געזאָגט אַז היינט איז דער יאָהרצייט נאָך דעם טאַטען.

פייגע: אונז אַלע צו לאַנגע יאָהר.

סעמי: יאָ איך ווייס, מען דאַווענט אָבער נאָך ניט קיין מעריב. (דענקענד) מאַמע?

מעכלע: וואָס איז מיין קינד?

סעמי: איז דאָס דער יאָהרצייט נאָך מיין טאַטען?

מעכלע: יאָ מיין קינד!

סעמי: נאָ געה איך!

מעכלע: האַר אויס סעמעלע! דו וועסט מיטנעמען דעם סידור.

סעמי: איך דאַרף נישט מאַמע! איך קען עס אויסענווענדיג, איך געדענק נאָך פון פאַר אַ יאָהרען, אָט הער מאַמע יתגדל ויתקדש שמיה רבא — (וויינט.)

מעכלע: סעמעלע, מיין קינד, דו וויינסט גאָר?

סעמי: איך וואָלט אַזוי געוואָלט דער טאַטע זאָל לעבען. עס איז אַזוי גוט, אַז מען האָט אַ טאַטען, איך האָב היינט געזעהן ווי אַ בוים טאַטע...

מעכלע: געה סעמעלע, געה אין שול אַריין, דו וועסט נאָך פערזאָמען דעם מעריב!

אביגדור: סעם קאָמם, היער איז אַ ניקעל פאָר קענדי!

סעמי: דענק יאָ! (אָב.)

מעכלע: אָרום יתומל מיינער!

אביגדור: וואו איז ערגעץ גיטעלע, מומע? זי אַרבייט פייעראָבענדס?

פייגע: וואָסזשע דו לאַכסט אויך פון דער מומען? לאַך, לאַך!.

אביגדור: ניין מומע, ווער לאַכט? אָט געהט דער פעטער.

מעכלע: דער טאַטע געהט?

אביגדור: דער פעטער געהט און שלעפּט מיט זיך מיט אַ היצעל..

**פייגע:** אַ וואָס?

**מעכלע:** אַ וועמען?

**אביגדור:** גלאַטקין דער שדכן געהט מיט איהם מיט.

**פייגע:** וואָסזשע זאָגסטו אַ היצעל?

**מעכלע:** משוגענער אביגדור. אַ שדכן און אַ היצעל איז ביי איהם אַלץ איינס — פאַר וואָס איז דאָס?

**אביגדור:** ווייל ביידע האָבען אַ הינטישע אַרבייט!

**מעכלע:** אביגדור! זאָג מיר פאַר וואָס ביסטו אַזוי בעז אויף די שדכנים? וואָס האָבען זיי דיר געטהון?

**אביגדור:** ווייל אַ שדכן האָט מיר אונטער גערוקט מיין שפּרינצען און דאָס איז נאַזאַ שלאַק, מיט וואָס איך וועל מיך מוזען האַלטען אַלע מיינע יאָהרען. און נאָך אַ שדכן האָט געהאָלפען דיך מיכלע פון מיר אַוועק צו נעהמען! (מורמלעריי.)

**מעכלע:** נו אביגדור, נאָר ניט קיין נאַרישקייטען איך בעט דיך!

(נחום עסטערין און גלאַטקין קומען אַריין)

**נחום:** נאָך נישטאָ גיטעלע? זיצט! יאָ פון וואָס האָבען מיר גערעדט, יאָ טאַקי פון מיין גיטעלע, איך זאָג אייך מר. גלאַטקין אַז דאָס איז אַ זעלטען קינד. איך וועל אייך נאָר עפּעס דערצעהלען וועט איהר שוין אַליין פערשטעהן. אַז מיין גיטעלע איז נאָך געווען אַ קינד פון אַ יאָהר 10 איז ביי אונז אין הויז געווען דער אָרשער רב ר' שניאור זלמן ז"ל און האָט געהאַלטען מיט איהר איין וכוח. און דערנאָך האָט ער וועגען איהר געזאָגט אַ גאַנצען מאמר — אָט הערט אויף ציקאַווים דעם מאמר: ווען מען האָט אויסגערופען אין הימעל אַז איהר נשמה זאָל אַראָב אויף דער ערד אין דעם גוף פון אַ בשר־ודם, איז געווען אין דער פמליא של מעלה אַ גרויס געטימעל צי זאָל געבוירען ווערען אַ בתולה אָדער אַ זכר — האָבען די מלאכים



געמאַכט אַ פשרה — זיי האָבען זי בעשענקט מיט דער שענהייט פון אַ יפת תאר און מיט דער חכמה פון אַ זכר אַ גאון — און נאָך דעם מאמר אַליין קענט איהר שוין פערשטעהן ווער מיין גיטעלע איז!

**גלאַטקין:** אָבער צו וואָס טויג דאָס רעדען, איך זאָג דאָך אייך אַז דער חתן ווערט נאָך איהר די כפרה, און איהר דאַרפט ניט פערגעסען אַז ער איז ניט קיין נאַרר!

**נחום:** וואָס דאַרפט איהר מיר דערצעהלען, איך קען איהם דען ניט? דו הערסט פייגע, דער ייד איז אַ שדכן און איז געקומען רעדען אונזער גיטעלען אַ שידוך!

**פייגע:** הלואי זאָל גאָט געבען אין אַ גוטער און אַ מזלדיגער שעה!

**אביגדור:** זייטזשע מוחל, ווי איז אייער נאָמען?

**גלאַטקין:** מיין נאָמען איז גלאַטקין.

**אביגדור:** יאָ דאָס ווייס איך. איך מיין דעם ערשטען נאָמען.

**גלאַטקין:** מיין ערשטער נאָמען איז דוב בער. קענען וואָס פרעגט איהר עס?

**אביגדור:** מי שברך אבותינו הוא יברך את רב דוב בער גלאַטקין!... בעבור קאָפּ וועהטיג לראשך, אויגען וועהטיג לעיניך, אויערן וועהטיג לאזניך, הענד וועהטיג לידיך, בויך וועהטיג לבטנך, פיס וועהטיג לרגליך ונאמר אמן.

**נחום:** וואָס איז דאָס? ערקלעהר מיר אויך.

**אביגדור:** גאָר ניט פעטער. ווען איך בין נאָך געווען אַ העמדעל נייער, האָט מען ביי אונז אין שאָפּ אַזאַ רעגעל, אַז עס איז אַנגעקומען איין נייער אַפּרעטער, האָט מען איהם מכבד געווען מיט איין עליה און איך האָב געמאַכט אַזאַ מי שברך!

**נחום:** נאָ, ווי איז דאָס שייך אַ הער, האַ?

**אביגדור:** גאָר ניט פעטער. איך האָב געמיינט איך האָב עס פערגעסען. האָב איך עס מיר איבערגע'חזר'ט.

**נחום:** איך מוז דיר זאָגען אַביגדור אַז דו ביסט אַ גרויסער שגץ און אַ גראָבער יונג! נו פייגע?

**פייגע:** איך בעט נאָר ביי גאָט אַז ער זאָל איהר צושיקען אַזאַ חתן ווי זי פערדיענט. איך זאָג אייך מר. גלאַטקין אַז זי איז אַ זעלטען קינד.

**גלאַטקין:** און אַזאַ יאָהר און אַזאַ מזל זאָל איך האָבען וואָס פאַר אַ חתן איך שדכן איהר.

**פייגע:** נחום, ווער איז דער חתן? איך קען איהם?

**נחום:** געוויס קענסטו איהם! פטאַשקין קענסטו? נאָ פטאַשקינס זוהן!

**פייגע:** פטאַשקין דער פרעזידענט פון אונזער שול? זיין זוהן? אוי אַזאַ יאָהר זאָל איך האָבען, עס איז דאָך פשוט אַ גליק פאַר אונז.

**אביגדור:** איהר מיינט דעם הויקער פעטער?

**נחום:** וואָס פאַר אַ הויקער פעטער, וואָס איז?

**גלאַטקין:** וואָס פאַר אַ הויקער?

**פייגע:** אַ הויקער? ווער האָט דיר געזאָגט אַז ער האָט איין הויקער. ער איז אַ ביסעלע סטיליוואַטע. אַ הויקער גאָר?

**נחום:** וואָס ער רעדט, ער ווייסט וואָס ער רעדט? קומט מר. גלאַטקין, זייטזשע מוהל קומט אַריין מיט מיר אין מיין הדר וועלען מיר נאָך דער פון איבעררעדען און איך וועל אייך אויס ווייזען ביי מיר אין ספר וועגען וואָס מיר האָבען זיך געשפּאַרט אין שול. — זיי אַזוי גוט פייגעניו און ברענג אַריין אַ ביסעלע בראָנפען און אַ פאָר גלעזעליך. איך האָב דיר 100 מאָל געזאָגט אַז דו קומסט אַריין צו מיר אין שטוב — זאָלסטו דיך נישט



אַריין מישען אין מיינע געשעפטען. אַ הויקער גאָר — דו קענסט־איהם, האָסט אַ מאָל זיין פנים געזעהן? אַבי דו רעדסט. —

**אביגדור:** ווער קען זעהן זיין פנים, דער הויקער לאָזט דען? (נחום און גלאַטקין אָב.) וואָסזשע איך בין גאָר קיין מבין ניט אויף אַ הויקער? זאָל איך קרענקען מעכלע אויב מיין פערדיל קען דערטראָגען אַזאַ הויקער!

**מעכלע:** אָבער איך פרעג דיך אַביגדור, צו וואָס דאַרפסטו דאָס? וואָס דאַרפסטו דיך איינרייסען מיט דעם טאַטען?

**אביגדור:** ווייל איך זעה שוין אַז דער פעטער וויל גיטעלעס יאָהרען אויך פערקערצען. אָבער וואָס איז מיט דיר מעכלע, וואָס זעהסטו היינט אַזוי בלאַס אויס?

**מעכלע:** אוי אַביגדור עס איז נישטאָ פון וואָס רויט צו זיין — פון נעכטיים אַרבייטען קען מען וועניג כוחות קלויבען.

**אביגדור:** דו געדענקסט מעכלע ווי מיט 10 יאָהר צוריק האָט מען דיר אויך שדוכים גערעדט.

**מעכלע:** יאָ איך געדענק!

**אביגדור:** און מיט איינעם פון די חתנים האָסטו חתונה געהאַט, ווייל דיין טאַטע האָט אַזוי געוואָלט.

**מעכלע:** געגען וואָס זאָגסטו עס?

**אביגדור:** דו האָסט דיין מאַנן נישט ליעב געהאַט.

**מעכלע:** שווייג אַביגדור, ער איז געשטאָרבען, דו זעהסט? אָט ברענט אַ יאָהרצייט נאָך איהם — פאַר וואָס דערמאַנסטו עס? איך בין יעצט איין אַלמנה, אַ מאַמע פון 2 קינדער.

**אביגדור:** יאָ, און איך בין אַ טאַטע פון 2 קינדער און איך בין שפּרינצים מאַן, און פעדיל מיט גרינם. אָבער מעכלע, עס האָט געקענט אַנדערש זיין, דיין טאַטע האָט זיך צו פיעל אַריינגעמישט; יאָ מעכלע עס האָט געקענט אַנדערש זיין

**מעכלע:** אָ! איך בעט דיך אַביגדור רעד נישט אַזוי, דו דאַרפסט יעצט זײַן אַ גוטער טאַטע צו דײַנע קינדער און אַ געטרײַער מאַן צו דײַן װײַב.

**אביגדור:** יאָ איך װײס, איך זאָג עס נאָר ענטגעגען גיטעלע'ן, מיר דאַכט זיך אַז דער פעטער װעט ניט װעלען בענזשעמענין פאַר זײַן אײדעם.

**מעכלע:** אױ אַביגדור! עס איז אַצינדערט גאַנץ אַנדערע צײַטען. ערשטענס זענען מיר נישט אין אָרשע נאָר אין נױ־יאָרק, און דאָ האָבען קינדער איבער זיך אַ גאַנץ אַנדערע דעה און אַ חוץ דעם איז גיטעלע אַ סך מעהר מענש פון מיר, מײַן שװעסטער װעט שױן חתונה האָבען מיט דעם חתן װעלכען זי האָט ליעב. קענסט מיר גלױבען.

**אביגדור:** נאָ געה איך!

**מעכלע:** אַ הײם אַביגדור?

**אביגדור:** נײן איך געה אַרײַן צום פעטער, איך װיל מיך מיט איהם רײצען, איך מוז איהם געבען אַ ביסעל די נידעלס, ער זאָגט אימער אַז איך בין אַ גראָבער יונג און איך האָב איהם אין אַרבעל, פאַרשטעהסטו מיך.

**מעכלע:** אײ פאָלג מיך אַביגדור, געה אַהײם, װאָס האָסטו צום טאַטען?

**אביגדור:** אָלרײַט, אַז דו הײסט געה איך, גוד נײַד.

**מעכלע:** גוד נײַד אַביגדור, װעסט אַרויף קומען מאָרגען?

**אביגדור:** שור מײק. (אָב.)

**מעכלע:** אײ אַביגדור, ליבער גוטער אַביגדור! יאָ איך װאָלט זעהר געװאָלט אַז גיטעלע זאָל זײַן גליקליכער פון מיר — אָה זי געהט שױן און טראָגט עפּיס באַנדעלעך, שױן מסתמא עפּיס געקױפט פאַר מײַנע קלײנע יתומים'ליך — יעדען מיטװאָך װען עס איז נאָר בײַ איהר פערעה, מוז זי מײַנע קינדערליך ברענגען פרעזענטע.



## גיטעלע.

**גיטעלע:** גוט איװנינק!

**מעכלע:** גוט איװנינק!

**גיטעלע:** װאו זענען ערגיץ די קינדערליך מעכלע?

**מעכלע:** רײַטשעלע שלאָפט, און סעמי איז אַודאי פון שוהל צוגעגאַנגען צו אַביגדורן.

**גיטעלע:** אַביגדור איז דאָ געװעהן?

**מעכלע:** ער איז געװעהן אין איז שױן װידער אַװעק געגאַנגען.

**גיטעלע:** דו װאָלסט האָטשע בעדאַרפט זעהן װאָס פאַר מציאות איך האָב אײַנגעהאַנדעלט.

**מעכלע:** װאָס? איך בין שױן נײַגיעריג!

**גיטעלע:** דאָס איז פאַר אונזער רײַטשעלע אַ געזונד אין איהר.

**מעכלע:** װאָלענע, גיטעלע?

**גיטעלע:** און דאָס איז פאַר סעמעלען. װאו איז ער ערגיץ דער שטיפער? איך װיל איהם קושען.

**מעכלע:** אויך װאָלענע? גיטעלע דאָס מוז דאָך קאָסטען אַסך געלד, זאָג, דו משוגענע, װיפיל האָסטו דערפאַר בעצאָהלט?

**גיטעלע:** דאָס איז שױן מײַנע ביזנעס!

**מעכלע:** דײַנע ביזנעס! (קושט זי.)

**גיטעלע:** װאָס איז דאָס? װאָס קושטו מיך אַזוי?

**מעכלע:** זאָג מיר גיטעלע, נאָר זאָג מיר דעם אמת ביסטו גליקליך?

**גיטעלע:** גליקליך? איך װײס! — געװיס... װאָס פעהלט מיר — און װאָס האָב איך? נאָר װאָס איז דיר יעטצט פלוצים אײַנגעפאַלען צו פרעגען?

**מעכלע:** איך װײס ניט, נאָר איך װאָלט אַזױ געװאָלט דו זאָלסט גליקליך זײַן.

**גיטעלע:** יאָ איך װײס אַז דו װאָלסט געװאָלט איך זאָל גליקליך זײַן, נאָר װאו איז ערגיץ דער טאַטע מיט דער מאַמען?

**מעכלע:** זײ זענען בײַ זיך אין צימער!

גיטעלע: און וועֶר רעֶדט עֶס דאָרט מיט זיי?

מעכלע: דאָס איז צו דיר געֶקומעֶן אַ שדכן.

גיטעלע: אַ שדכן?

מעכלע: יאָ אַ שדכן. און ווייסטו וועֶמעֶן מעֶן רעֶדט דיר?

גיטעלע: שאַ זאָג מיר ניט, איך וויל ניט וויסעֶן, איך וועֶל היינט האָבעֶן מיט'ן טאַטעֶן איין אַנדער געֶשפּרעֶך, עֶר וועֶט זיך היינט דעֶרוויסעֶן ווער מיין ריכטיגער חתן איז.

מעכלע: דו האָסט עֶס שוין לאַנג בעֶדאַרפט טהון!

גיטעלע: יאָ איך וויים אַז איך האָב עֶס בעֶדאַרפט טהון, איך האָב עֶס אַלץ אָבגעֶלעֶגט!

מעכלע: דו ביזט אַלץ ניט געֶוועֶהן זיכער אַז עֶר האָט דיך ליעב.

גיטעלע: אָה ניין מעֶכלעֶ! קיינער קעֶן אַזוי ניט ליעב האָבעֶן ווי מיין בעֶנזשעֶמעֶן, עֶר קעֶן אָהן מיר ניט לעֶבעֶן, אַז עֶר זעֶהט מיך ניט אַ טאָג, אַזוי ווערט עֶר משוגע!

מעכלע: פּונקט ווי דו נאָך איהם, שוועֶסטעֶר'ל!

גיטעלע: יאָ מעֶכלעֶ, איך האָב איהם אויך זעֶהר ליעב, איך האָב איהם אַזוי ליעב, אַז איך וויים גאָר ניט ווי אַזוי איך האָב געֶלעֶבט ביז איך האָב איהם דעֶרקעֶנט! מעֶכלעֶ! דו ווייסט נישט ווי טייער, ווי זיס, ווי ליעב בעֶנזשעֶמעֶן איז. איך האָב אַלץ ניט געֶוואָלט רעֶדעֶן מיט'ן טאַטעֶן, מיר האָט זיך אויסגעֶוויזעֶן אַז איך וועֶל רעֶדעֶן דעֶרפון, וועֶל איך וואָבעֶנדיג מאַכעֶן מיין ליעבעֶ, מיין גליק, — אָבעֶר יעֶצט מוז איך רעֶדעֶן, יאָ איך מוז!

מעכלע: וואָס הייסט דו מוזט?

גיטעלע: קומם אַהעֶר מעֶכלעֶ, איך וויל דיר פּעֶרטרויעֶן אַ סוד, מיר שיינט אַז איך וועֶל באַלד וועֶרעֶן מוטעֶר.

מעכלע: אוי וועֶה איז מיר, וואָס האָסטו געֶזאָגט?

גיטעלע: וואָס האָסט דיך אַזוי דעֶרשראָקעֶן? איך און בעֶנזשעֶ-



מעֶן זעֶנעֶן ניט קיין פרעֶמדעֶ, מיר האָבעֶן זיך אמת און אויפריכטיג ליעב.

מעכלע: אוי וועֶה איז מיר!

גיטעלע: אוי איך פעֶרשטעֶה דו האָסט דיך דעֶרשראָקעֶן ווייל מיר האָבעֶן חתונה געֶהאַט אָהנעֶ דעֶר עֶרלויבניס פון אַ דזשאַזש.

מעכלע: אוי וועֶה איז מיר, גיטעֶלעֶ, זאָג מיר ווייסט עֶר שוין דעֶרפון?

גיטעלע: ניין!

מעכלע: ווי הייסט ניין?

גיטעלע: איך האָב נאָך צייט, עֶר אַנטלויפט נישט פון מיר!

מעכלע: גיטעֶלעֶ! ביסט נאָך גאָר אַ קינד, זאָג נאָר קעֶנסטו איהם חאָטש גוט?

גיטעלע: וואָס פאַר אַ פראַגעֶ צי איך קעֶן איהם, איך קעֶן איהם אַזוי גוט, אַז איך וואָלט נישט מורא געֶהאַט איהם מיין לעֶבעֶן מיט מיין נשמה אַוועק צו געֶבעֶן.

מעכלע: ווער איז עֶר, פון וואַנעֶן קומט עֶר? דו האָסט דאָך אַפילו קיין מאָל ניט געֶזאָגט פון וואָס פאַר אַ שטאָדט עֶר איז.

גיטעלע: איך וויים אַליין ניט!

מעכלע: ווי הייסט דו ווייסט ניט?

גיטעלע: אוי לאָז מיך צורוה איך בעֶט דיך, מיר זעֶנעֶן נישט אין ראָסיע אין איך בין נישט קיין אוריאַדניק אין איך דאַרף איהם אויף זיין פאַספּאָרט ניט פרעֶגעֶן!

מעכלע: גיטעֶניו, שוועֶסטעֶר'ל מיינס, רעֶד מיט'ן טאַטעֶן האָב חתונה וואָס גיכער, וואָרעֶן מיר שרעֶקט מיין האַרץ.

נחום עסטערין, גלאַטקין, פיינע:

נחום: אָט האָט איהר געֶזעֶהן מר. גלאַטקין אַז איך האָב רעֶכט געֶהאַט — פיינע, זיי אַזוי גוט און נעֶה אַריינטער און קליי-

טעל אַרײַן אין נעם עפּיס אַרויף אויף וועטשערע, הײַנט וועלען די משוררים קומען אַהער צום ערשטען מאָל, ווײַל איך אַז זיי זאָלען מיט עסען מיט אונז אַ גוטע וועטשערע— איהר הערט מר. גלאַטקין, הײַנטיגע ימים נוראים וועלען מיר האָבען אַ כאָר אַ צאַצקע, איך האָב אַרײַנגעקריגען עטליכע כאָריסטען זעהר גוטע. אַה, אָט איז שוין גיטעלע אויך דאָ!

**גיטעלע:** אַ גוטען אָבענד טאַטעניו

**נחום:** אַ גוטען אָבענד טאָכטער מײַנע, ביסט שוין לאַנג דאָ?

**גיטעלע:** ניט לאַנג!

**פייגע:** ווערסט עפּיס עסען טאָכטער?

**גיטעלע:** ניין מאַמעניו, איך בין נישט הונגעריג.

**פייגע:** אָבער אַ גלעזעלע טהע?

**גיטעלע:** טהע וועל איך טרינקען!

**פייגע:** אָט געה איך דיר באַלד אַרײַנברענגען. (אָב.)

**נחום:** דו זעהסט טאָכטער, דער יוד איז געקומען צו דיר צו גאַסט!

**גיטעלע:** צו מיר? וואָס קען איך טהון פאַר דעם יודען

**נחום:** חאַ חאַ חאַ! פאַר דעם יודען קענסטו זעהר ווייניג טהון, ער דאַרף נישט דײַן הילפע, דו קענסט אָבער זעהר פיעל טהון פאַר זיך און אויך פאַר אונז.

**גיטעלע:** אויף וויפיעל איך ווייס, טאַטעניו, טהו איך פאַר אײַך וואָס איך קען.

**נחום:** אויב אַזוי טאָכטער וועל איך רעדען מיט דיר גאַנץ אָפען. דער יוד הייסט מר. גלאַטקין און ער איז אַ שדכן, איך וויל דיך טאָכטער פאַרשדכנען!

**גיטעלע:** מיך פאַרשדכנען? אויף וויפיעל איך ווייס טאַטעניו האַלסטו מיך ניט פאַר קיין אָבגעפאַלענע סחורה, און גוטע סחורה האָב איך געהערט זאָגען קען זיך אויס-



ברענגען אָהן די הילפע פון אַ מעקלער, צו וואָסזשע דאַרפען מיר דען אין גאַנצען האָבען די שדכנים?

**נחום:** יאָ, מײַן קינד, גאַנץ ריכטיג; דאָ איז אָבער נישט דער פאַל, דעם שדכן שיקט מען צו אונז.

**גלאַטקין:** און אַ שדכן איז נישט קיין מעקלער, פרײַלײַן!

**גיטעלע:** אויב אַזוי מוז דאָך דער שיקער נישט זײַן קיין גוטע סחורה וואָס ער קען זיך אַליין נישט פערזאָרגען און מוז אָנקומען צו אַ שדכן, אַזאַ סחורה טויג נישט פאַר מיר.

**גלאַטקין:** איהר זענט אַביסעל אַ הײַנט וועלטיגע מוס עסטערין:

**גיטעלע:** נו יאָ אַז איך לעב אין דער הײַנטיגער וועלט, בין איך אַ הײַנטוועלטיגע, ווי קען דען אַנדערש זײַן?

## פייגע.

**נחום:** אָבער טאָכטער מײַנע, ווען דו זאָלסט וויסען וועמען מען שדכנט דיר, וואָלסטו גאָר אַנדערע ווערטער גערעדט, עס איז דאָך פּשוט אַ גליק פאַר אונז.

**פייגע:** אַזאַ יאָהר אַזאַ מזל זאָל איך האָבען.

**גיטעלע:** און איך רעכען אַז אַ יעדער מענש דאַרף זײַן גליק אַליין אויסגעפינען.

**נחום:** איך זעה אַז מײַן קינד איז עפּעס הײַנט נישט אויפגעלעגט, מיר וועלען שוין אַיין אַנדערס מאָל דערפון רעדען. איך זאָג אײַך אַז זי וועט פון אײַערע הענד נישט אַרויס.

**גלאַטקין:** אָה איך ווייס, איך ווייס, איך בין שוין אַיין אַלטער פראַקטיקאַנט, עס איז אימער אַזוי, דערנאָך ווערען זיי בעסער, נאָר זאָגען מוז איך אײַך גיטעלע אַז אַזעלכע חתנים ווי פּטאַשקינס זוהן, וואַלגערן זיך נישט אין נוי-יאָרק!

**נחום:** וואָס דאַרפט איהר אַזוי פיעל רעדען? אַז איך זאָג

איך אז זי וועט פון איערע הענד ניט ארויס קענט איהר מיר גלויבען.

גלאטקין: האטשע מיר אלע א גוטע נאכט.

אללע: א גוטע נאכט.

פייגע: ניט אכטונג אויף די טרעפ אז איהר זאלט ניט פאלען! (אב.)

נחום: איך זאל אזוי קיין שלעכטס ניט האבען ווי איך ווייס ניט וואס איז מיט איהר געווארען, קומט אריין א מענש אין שטוב, בעליידיגסטו איהם און זידעלסט איהם.

גיטעלע: ווייל איך האב נישט ליעב קיין שדכנים.

נחום: יא, דו האסט ניט ליעב קיין שדכנים; ווייסטו אבער און פארשטעהסטו וואס עס הייסט פאר דיר חתונה האבען פאר פטאשקינס זוהן?

גיטעלע: איך פארשטעה אבער נישט צו וואס דארף ער מיך? ער איז דאך א רייכער חתן קען ער דאך קריגען א כלה מיט א סך געלד.

נחום: יא בלי שום ספק, פון דעם איז גאר קיין רעדע. דו זעהסט דאך אבער אז גראד דו האסט געפונען חן אין זיינע אויגען.

גיטעלע: ווי איז אבער דער דין אז ער האט ניט געפונען קיין חן אין מיינע אויגען?

נחום: אוי טאכטער מיינע רעד ניט אזוי, דו דארפסט נישט פערגעסען ווער דו ביסט און ווער מיר אלע זענען. דו דארפסט נישט פערגעסען אז דו האסט א שוואך הארץ און דו קענסט אין שאפ נישט לאנג ארבייטען און קיין נדן פאר דיר האבען מיר אויך ניט, קינד מיינס.

גיטעלע: אז איך וויל אבער קיין מציאות ניט האנדלען, אז שוין יא חתונה האבען, וויל איך חתונה האבען מיט מיינס-גלייכען.

נחום: נו ווער איז דיין גלייכען. וואלט איך געוואלט



וויסען. פון די אלע בויעס וואס קומען אריין דא אין שטוב, זעה איך קיין איינעם קיין רעכטען ניט.

גיטעלע: זיי זענען אלע בראווע ארענטליכע מענשען.

נחום: זאל איך קרענקען! קבצנים, דלפנים, אלע באסניקעס הוילע שטאניוקעס דאס זענען זיי!

גיטעלע: ארמוטה איז קיין שאנדע ניט!

נחום: זאג נאר אפשר איז גאר דער דיין חתן? א דער מיט דער פאלקע ווי הייסט ער דער פאלקע יונג?

גיטעלע: ער הייסט בענזשעמען!

נחום: ווי?

גיטעלע: בענזשעמען.

נחום: בענזשעמען? א שעהנער נאמען בענזשעמען, דער נאמען אליין געפעלט מיר שוין.

גיטעלע: בענזשעמען איז א ליבענסווירדיגער מענש טאטעניו, און לאכען איז נישטא פון וואס.

נחום: וואס טויג מיר אז ער איז א ליעבענסווירדיגער מענש אז ער געהט אין צעריסענע שיך!

גיטעלע: אין צעריסענע שיך? איך האב עס גאר נישט בעמערקט, עס איז מיר קיין מאל ניט אויסגעקומען צו קוקען אויף זיינע שיך. אז איך קוק אויף א מענשען, בעטראכט איך פריהער זיין קאפ, זיין הארץ אבער ניט זיינע שיך.

נחום: אזוי? אזוי? איז ער דיין חתן, איך האב עס גאר ניט געוואוסט, זאג נאר אפשר האסטו שוין מיט איהם תנאים געשריבען? א קשיא אויף א מעשה, עס איז דאך אייער נוי-יארק, אייער אמעריקא.

גיטעלע: איך האלט ניט פון אויסנעהמען תנאים, חתונה האבען איז נישט קיין מסחר, די בעסטע תנאים איז מע האט איינער דעם צווייטען ליעב.

מעבלע: אמת שוועסטער, זעהר אמת!

**נחום:** וואָסזשע, מעכלע רעדט אויך אַרײַן? מעכלע מישט זיך אויך?... יאָ טאָכטער, דו דרשנס'ט זעהר שעהן — פּשוט פּערל פאַלען פון דײַן מויל — אָבער וויסען זאָלסטו טאָכטער מײַנע אַז דו פּערל פאַלען ווי אַשווערע לאַסט אויף דײַן טאַטענס האַרץ, די זעהסט דאָך טאָכטער אַז איך בין מיט מײַן פּרנסה נישט זיכער, איך קען שוין מעהר ניט זינגען, דאָס בריקעלע אויף וואָס איך געה קען יעדער מינוט זיך אײַנברעכען און איך קען אַרײַן פאַלען. דאָס הײַסט נישט נאָר איך אַלײן, נאָר די מאַמע, די שוועסטער די אָרעמע אַלמנה מיט איהרע 2 קינדערליך, אַלע קענען מיר פאַלען, — אַלע קענען מיר זינקען, נאָר מיט דעם וואָס דו וועסט חתונה האָבען מיט פּטאַשקינס זוהן, קענסטו אונז אַלע העלפען, אַלע רעטען.

**גיטעלע:** נײן טאַטעניו! איך קען עס נישט טהון; מײַן גאַנץ לעבען קען איך אײַך אָפּפערן נאָר חתונה האָבען מיט איהם דאָס קען איך ניט.

**מעכלע:** טאַטע! מיך מיט מײַנע קינדער זאָלסטו נישט אַרײַנרעכענען אין כּלל, דו הערסט, איך וועל ליעבער מיט זיי צו זאַמען 1000 מאָל פאַר הונגער שטאַרבען עהדער גיטעלע זאָל געהן צו דער חופּה מיט אַ מאַן וואָס זי קען ניט און וויל ניט קענען, איך ווײס דעם טעם!

**נחום:** זעה נאָר, מעכלע רעדט אויך (קאָריסטען קלאַפּען. ערשײַנען.) גיטעלע, מיר וועלען נאָך רעדען דערפון טראָג אַרײַן די נאָטען אין אַנדערן צימער! געהט זײַט מוחל אין אַנדערן צימער אַרײַן און גיט זיי דאָרטען דעם טאָן איך קום באַלד (גיטעלע מיט משוררים אַב). אײַ אײַ! אַנדערע מענשען אין מײַנע יאָהרען האָבען שוין נחת פון זייערע קינדער און איך, אוי גאָטעניו! מעכלע רעדט אויך! ניט גענוג וואָס איך האַלט זי מיט די קינדער,



רעדט זי אויך, אַ סך האָב איך פון דײַן אַרבײַט? (אָב).

**פײגע:** מעכלע קום מיט מיר אין גראָסעריע, איך האָב אַ סך זאַכען אַרויף צו נעמען. וועסטו קומען? (בײדע אָב.)

(גיטעלע ערשײַנט. מע הערט „פּײַפען" דעם פּאָסטמאַן, זי געהט אָב צום פּאָסטמאַן, קומט צוריק מיט בריעף און זעטצט זיך לײענען.)

**גיטעלע:** אַ בריעף צו מיר? און בענזשעמענס האַנדשריפט? וואָס קען דאָס זײַן? (זי עפענט דעם בריעף און לעזט.) „טהײַערע ליעבע גיטעלע! איך מוז דיר יעצט שרײַבען דאָס וואָס פרעסט מײַן הערץ. איך האָב דיר שוין פיעל מאָל געוואָלט זאָגען נאָר יעדעס מאָל וואָס איך וויל אָנפאַנגען רעדען דערפון, אַזוי בלײַב איך שטום און איך קען ניט. נאָר יעצט קען איך לענגער ניט שווײַגען, איך מוז דיר ערקלערען אַז מיט יאָהרען צוריק ווען איך בין נאָך גאַנץ יונג געווען האָט מיך דאָס שיקזאַל צוזאַמען־געפיהרט מיט אַ פרוי... און די איז יעצט די מוטער פון מײַנע צוויי קינדער!... האַ! (צו וויינט זיך.)

## בענזשעמען.

**בענזשעמען:** גיטעלע, גיטעלע וואָס לעזטו — מײַן בריעף?

**גיטעלע:** יאָ!

**בענזשעמען:** ווען האָסטו איהם ערהאַלטען?

**גיטעלע:** נאָר וואָס!

**בענזשעמען:** האָסטו איהם שוין געלעזען

**גיטעלע:** איך פאַנג איהם נאָר וואָס אָן.

**בענזשעמען:** גיטעלע, לעז איהם ניט, גיב איהם מיר צוריק.

**גיטעלע:** צו וואָס, צו וואָס פיר אַ צוועק? אום דו זאָגסט מיך נאָך ווײַטער נאַרען? איז דען ניט גענוג וואָס האָסט מיך בעטראָגען ביז יעצט, ווילסטו מיך נאָך ווײַטער נאַרען? וואָס ביסטו געקומען אַהער? וואָס ווילסטו? ווילסט דיך

גֶעזעֶגעֶן מִיט מִיר? דו פָאהרסט אַהֵיים צו דײַן פַאמִילִיעֶ?

בענזש.: קום מִיט מִיר אִיךְ ווִיל מִיט דִיר רעֶדעֶן.

נִיטעלע: וואָס ווִילסטו מִיר זאָגעֶן, וואָס זאָל אִיךְ הערעֶן פוּן דִיר? ווִעסט מִיר נאָךְ נֵייעֶ לִיגעֶן פאָרפלוישעֶן?

בענזש.: גִיטעֶלעֶ, פעֶראַכטעֶ מִיךְ נִיט, אִיךְ בִּין קֵיין פעֶרבּרעֶכעֶר.

ניטעלע: וואָס דעֶן בִּיסטו? וואָס דעֶן?

בענזש.: אֵיין אוּנגלִיקלִיכעֶר.

גיטעלע: פאַר וואָס האָסטו מִיךְ אַזוֹי אָבּגעֶנאַרט? פאַר וואָס האָסטו מִיךְ אַזוֹי אוּנגלִיקלִיךְ געֶמאַכט? ווײַל אִיךְ האָבּ דִיךְ אַזוֹי לִיעבּ געֶהאַט און אִיךְ בִּין דִיר געֶוועֶן אַזוֹי אִיבּעֶרגעֶבּעֶן? דו בּעֶנזשעֶמעֶן מײַן גאָט, מײַן קעֶנִיג, דו האָסט מִיךְ אַזוֹי שרעֶקלִיךְ בּעֶלוֵיינט און בּעֶטראָגעֶן?

בענזשעמען: גִיטעֶלעֶ דו האָסט רעֶכט, אִיךְ בִּין אָבּעֶר אויךְ נִיט שוּלדִיג, דו האָסט מִיךְ שִׁכּוֹר געֶמאַכט, אִיךְ בִּין געֶוועֶן דוּל, משוּגע. יעֶנעֶ נאַכט ווען אִיךְ בִּין אַהֵיים געֶקוּמעֶן האָבּ אִיךְ ערשט בּעֶרעֶכעֶנט ווִי אוּנגעֶרעֶכט און געֶמֵיין אִיךְ האָבּ געֶגעֶן דִיר געֶהאַנדעֶלט, אִיךְ בִּין אַוועֶק געֶלאָפעֶן אִין אֵיין סאַלאָן און האָבּ מִיךְ אָנגעֶשִׁכּוֹרט; ווען אִיךְ וואָלט עֶס נִישט געֶטהון וואָלט אִיךְ משוּגע געֶוואָרעֶן.

ניטעלע: אָבּעֶר פאַר וואָס האָסטו מִיךְ דִי גאַנצעֶ צײַט אָבּגעֶנאַרט? פאַר וואָס האָסטו מִיר בּאַלד בּײַ אוּנזעֶר ערשטעֶ בּעֶקאַנטשאַפט נִישט געֶזאָגט אַז דו בִּיסט אֵיין פעֶרהײַראַטהעֶטעֶר מאַן?

בענזש.: ווײַל אִיךְ האָבּ דִיךְ שוין פרִיהעֶר געֶקעֶנט, אִיךְ בִּין שוין פרִיהעֶר געֶוועֶן משוּגע פאַר לִיעבּעֶ צוּ דִיר.

ניטעלע: און וואָס דעֶנקסטו יעֶטצט צוּ טהוּן?

בענזש.: אִיךְ ווִיל בּלײַבּעֶן נעֶבּעֶן דִיר.

גיטעלע: און דײַן פרוי?





בענזש.: אִיהר ווִעל אִיךְ שִׁיקעֶן אַ גֶט.

גיטעלע: און דײַנעֶ קִינדעֶר?

בענזש.: אִיךְ ווִעל זֵיי נִיט פעֶרלאָזעֶן, אִיךְ ווִעל זֵיי שִׁיקעֶן געֶלד. דו זעֶהסט דאָס אִיז אַ גֶט פאַר מײַן פרוי.

ניטעלע: צוּ וואָס ווײַזט עֶס מִיר? פאַר וואָס האַלסטו עֶס אִין קעֶשעֶנעֶ און שִׁיקסט עֶס נִישט אַוועֶק?

בענזש.: ווײַל יעֶדעֶס מאָל ווען אִיךְ ווִיל עֶס אַרײַן לעֶגעֶן אִין אִינוועֶלאָפּ, אַזוֹי הויבּט מִיר אָן צוּ צִיטעֶרעֶן דִי הענד און אִיךְ קען נִיט. אִיךְ מוּז דִיר זאָגעֶן דעֶם אמת גִיטעֶלעֶ אַז מײַן פרוי האָט עֶס בּײַ מִיר נִיט פעֶרדִינט, ווען אִיךְ האָבּ מִיט אִיהר חתוּנה געֶהאַט, בִּין אִיךְ געֶוועֶן אַ האַלבּ פעֶרווִילדעֶטעֶר ישיבה בּחור און זִי האָט מִיךְ פאַר אַ מענש געֶמאַכט, אִיךְ בִּין געֶוועֶן שוואַךְ און קראַנק און זִי האָט מִיךְ מִיט אִיהר טרײַהײַט און ערגעֶבּעֶנהײַט געֶזוּנד געֶמאַכט. אַ מאָל, אַ יאָהר נאָךְ אוּנזעֶר חתוּנה בִּין אִיךְ שטאַרק קראַנק געֶוואָרעֶן אויף טִיפוּס, מײַן אֵייגעֶנעֶ שוועֶסטעֶר און בּרִידעֶר האָבּעֶן זִיךְ פאַר מִיר געֶהִיט, מײַן אֵייגעֶנעֶ מאַמעֶ אִיז צוּ מִיר נִיט צוּגעֶגאַנגעֶן, נאָר זִי מײַן פרוי האָט פוּן קֵיין געֶפאַהר נִיט געֶוואָלט ווִיסעֶן און האָט מִיךְ אָבּגעֶהִיט ווִי דִי אויגעֶן אִין קאָפּ — הײַנט אִיהרעֶ בּרִיעף, אִיהרעֶ בּרִיעף, זֵיי מאַכעֶן מִיךְ משוּגע, זֵיי מאַכעֶן מִיךְ ווִילד. ווען אִיךְ האָבּ נעֶכטעֶן אִיהר לעֶצטעֶן בּרִיעף ערהאַלטעֶן און אִיבּעֶרגעֶלעֶזעֶן, האָבּ אִיךְ מִיךְ בּאַלד אַנִידעֶר געֶזעֶטצט און אָנגעֶשרִיבּעֶן דעֶם בּרִיעף וואָס דו האָסט עֶבּעֶן יעֶטצט ערהאַלטעֶן.

גיטעלע: און דו רעֶכעֶנסט אִיהר צוּ שִׁיקעֶן אַ גֶט?

בענזש.: עֶס אִיז אמת אִיךְ בִּין אִיהר פִיעל דאַנק שוּלדִיג, אִיךְ קען זִי אָבּעֶר נִיט לִיעבּעֶן, אִיךְ האָבּ זִי אויךְ קֵיין מאָל נִיט געֶלִיעבּט ווײַל ווען אִיךְ האָבּ מִיט אִיהר חתוּנה געֶהאַט, בִּין אִיךְ נאָךְ כּמעט אֵיין קִינד געֶוועֶן;

**גיטעלע:** און וואָס וועסטו טהון אַז זי וועט דעם גט ניט נעמען און וועט אַהער קומען מיט די קינדער?

**בענזש.:** זי וועט עס נישט טהון!

**גיטעלע:** האָט זי דיך ליעב?

**בענזש.:** צום אונגליק זעהר ליעב!

**גיטעלע:** אין ווי אַזוי ביסטו זיכער אַז זי וועט דעם גט אָננעהמען?

**בענזש.:** ווייל איך קען זי גוט, מיט געוואַלד וועט זי מיך נישט וועלען האַלטען, אַז איך וועל איהר שרייבען אַז מיר מוזען זיך שיידען וועט זי שווייגען.

**גיטעלע:** וואו איז דערבריעף?

**בענזש.:** וואָס פאַר אַ בריעף?

**גיטעלע:** דעם בריעף וואָס דו האָסט נעכטען ערהאַלטען גיב איהם מיר, איך וויל איהם זעהן!

(ער גיבט איהר דעם בריעף. גיטעלע לעזט, וויינט.)

**בענזש.:** דו וויינסט גיטעלע?

**גיטעלע:** זעה נאָר בענזשעמען עס איז עפּיס אַ קינדערישע האַנדשריפט ווער שרייבט דאָס?

**בענזש.:** דאָס איז מיין עלטער קינד!

**גיטעלע:** דיין קינד בעט דיך אַהיים, בענזשעמען? וואָס איז דאָס עפּיס אַ פלעק פון טינט?

**בענזש.:** דאָס איז מיין מיידעלע, מיין פרוי האָט איין געטונקען איהר קליין פינגערל אין טינט.

**גיטעלע:** (וויינט.) פאָהר אַהיים בענזשעמען!

**בענזש.:** אַך וואָס רעדסטו גיטעלע?

## מעכלע

**גיטעלע:** פאָהר אַהיים בענזשעמען! פאָהר אַהיים צו דיין פרוי און קינדער!

**מעכלע:** (מיט איין אויסגעשריי) גיטעלע! וואָס האָב איך



געהערט, ער האָט גאָר אַ פרוי און קינדער? גיטעלע ערצעהל מיר וואָס איז דאָ צווישען אייך? זעה ווי טויט, ווי בלאַס דו ביסט געוואָרען.

## פייגע

**פייגע:** וואָס איז דאָ געשעהן?

## נחום

**נחום:** וואָס איז דאָ, וואָס איז געשעהן?

**מעכלע:** גאָר ניט!

**נחום:** געה נאָר אַוועק פון איהר — וואָס איז, וואָס איז דאָ געשעהן, זאָג מיר?

**מעכלע:** גאָר ניט טאַטעניו, איך ווייס ניט!

**נחום:** יונגערמאַן וואָס איז דאָ געשעהן, וואָס וויינט עפּעס מיין קינד?

**בענזש:** מר. עסטערין...

**גיטעלע:** פרעג איהם ניט טאַטעניו, פרעג אים ניט!

## פאָרהאַנג פאַלט.



# צווייטער אקט.

(די זעלבע דעקאראציע פון ערשטען אקט.)

---

גיטעלע, מעכלע, פייגע.

**גיטעלע:** איך זאג דיר מאמעניו, דו זעהסט היינט אויס ווי איין אמת'ע מחותנת'טע.

**מעכלע:** היינט דאס וועסטעלע, בעטראכט נאר דאס וועסטעלע. איך זאג דיר אז עס פארנעהמט פשוט די אויגען.

**גיטעלע:** און דאס זיידענע קלייד, א כפרה אלע פאריזער מאדעס פאר דיין זיידען קלייד. מאמעניו זאג ווי אלט איז דאס קלייד?

**פייגע:** אוי קינדערליך! דאס קלייד איז עלטער פון אייך ביידע. דאס איז מיין חתונה קלייד, אין דעם האט מען מיך געפיהרט צו דער חופה!

**גיטעלע:** מעכלע בעטראכט נאר אונזער מאמע, זי זעהט אויס ווי איונג ווייבעלע. מאמעניו גיב נאר אכטונג דארט אויף די תנאים מען זאל דיך ניט פערבייטען אויף פטאשקינס כלה. (ביידע לאכען)

**פייגע:** איהר לאכט קינדערליך, לאכט א דאגה איז מיר.

**גיטעלע:** ווער לאכט, איך בין צופריעדען מאמע וואס דו וועסט האבען א גוטע צייט!

**פייגע:** אלע וואס ווינשען אונז שלעכטס, זאלען האבען אזעלכע גוטע צייטען ווי איך וועל האבען.

**גיטעלע:** וואסזשע דו ביסט ניט צופריעדען מיט פטאשקינס שידוך?

**פייגע:** וואס האב איך צו זיין צופריעדען אדער אונצופריעדען, זיי קעהרען זיך מיט אונז עפים אן? ווילד פרעמדע מענשען, נאר גארנישט מע מוז געהן, איהר



ווייסט דאך אז אייער טאטענס שטיקעל ברויט הענגט אב פון די פטאשקינס, ווייטער וואלט מיר מיט דיין טאטען געוועהן ליעב צו געהן אויף די תנאים?

**גיטעלע:** אבער אבעסען זיך דאס הערץ איז אויך ניט גוט.

**פייגע:** זעהסטו ווען דו וואלסט ניט געווען אזא משוגענע, וואלטען דאך די היינטיגע תנאים געוועהן דיינע. ווי לאנג ערשט א פאר חדשים צוריק האט פטאשקינס געשיקט א שדכן צו דיר, געדענקסט?

**גיטעלע:** יא איך געדענק, אבער זאג מאמע דו ביסט אזא שטילינקע און אזא גוטעטשקע, וואס פאר א שמחה וואלט דאס געוועהן ביי דיר ווען איך וואלט מיך ניט נעפרעהט אויף מיינע תנאים?

**פייגע:** אויף אונז איז גאר א'נ'אנדער אונגליק! מען האט דיר גערעדט פטאשקינס זוהן, האסטו איהם ניט געוואלט, נא איז ניט, אבער לאז שוין ארויס פון קאפ דעם בענדזשעמען, מען האט זיך דאך דערוויסט אז ער האט א פרוי מיט קינדער און איז צו זיי אהיים געפאהרען. אנעק א סוף!

**גיטעלע:** וואס רעדסטו מאמעניו? איך דענק גאר ניט פון איהם. וואס איז מיר בענזשעמען געוועהן? א ווילד פרעמדער. און דאס איז אלעס...

**פייגע:** וואס איז מיט דיר געשעהן טאכטער מיינע? אמאל ביסטו אזוי פרעהליך געוועהן און היינט קוק דיך נאר אן וואס פון דיר איז געווארען.

**גיטעלע:** עס ווייזט זיך דיר נאר אויס מאמעניו, זאל איך אזוי לעבען און געזונד זיין, ווי עס דאכט זיך דיר אויס. איך בין דאך פרעהליך ווי תמיד, און בענזשעמען — איך דענק גאר ניט פון איהם.

**פייגע:** הלואי וואלט דאס אזוי געוועהן, פאר וואס אבער ווילסטו גאר ניט הערען אז מע רעד דיר א שידוך?

**גיטעלע:** ווייל איך וויל נאך ניט תתונה האבען.

פייגע: אָבער לײַטען האָבען בײזע צינגען.

גיטעלע: נו זאָל איך אֶפשר חתונה האָבען צו ליעב לײַטען?

פייגע: אונזערע ליעבע שכנים... שוין פיעל מאָל בין איך אָנגעקומען ווי זיי סוד'ן זיך און אַסך מאָל דערמאַנען זיי דײַן נאָמען, אַז איך פיהל אַז מײַן בלוט ווערד מיר פער־קיהלט. (נחום אונטער די קאָליסען שרײַט! פײַגע! פייגע!)

איך געה שוין! איך געה שוין! אוי וועה! מײַנע צרות זאָלען זיי נור אָנקומען. טאַטע זיסער! — איך געה שוין! וואָס שרײַסטו? (אָב)

גיטעלע: דו האָסט געהערט מעכלע? די ווײַבערישע צונגען, זיי שפריצען שוין מיט גיפט, וואָסשע? האָט מען עפּעס ערפאַה־רען? אָדער דערקענט מען שוין אויף מיר?... אָה איך וועל מיר דאָס לעבען נעמען! (זי וויינט)

מעכלע: איך מײַן אַז זיי ווייסען אַליין ניט וואָס זיי זאָגען. ווײַן ניט גיטעלע, דער טאַטע מיט דער מאַמע. זיי געהען אַרײַן, זיי וועלען דאָך דערקענען אַז דו ביסט פאַרוויינט.

## נחום און פייגע

נחום: נאָך ניט געקומען די משוררים?

מעכלע: זיי וועלען אַודאי באַלד קומען!

נחום: מעכלע ס'איז מיר אָבגעריסען אַ קנעפּעל אין ראָק, זיי אַזוי גוט און נעה עס צו. נו פייגע אַנשטאַט מיר זאָלען האָבען נחת פון אונזער אייגען קינד, דאַרפען מיר זיך גאָר פרעהן אויף אַ פרעמדע שמחה. דו האָסט שעהן אויסגעפיהרט! דו ביסט געבליעבען אין שאַפּ אַרבײַטען, און לעגסט דאָרט אַוועק דײַן רעשט ביסעל כוחות און דאָרט בײַ פּטאַשקינס פרייט מען זיך און נחת און אין גליק. דו האָסט חאָטש בעדאַרפט זעהן ווי ער האָט זי אויסגעפּוצט מיט אַזאַ טהײַער ציערונג דאָ און דאָ, און איך און די



מאַמע וועלען דאָס אַלעס דאַרפען זעהען און שווײַגען. איך וועל זיי נאָך דאַרפען זינגען, איך בין דאָך אַ חזן ווילען זיי איך זאָל זיי בײַם טיש פרעהליך מאַכען. יאָ איך וועל זינגען אָבער אין האַרצען וועל איך ווײַנען, יאָ, ביטער ווײַנען.

גיטעלע: ווײַנען? טאַטעניו! איך פאַרשטעה ניט ווי הייסט ווײַנען?

נחום: אָ! טאָכטער! גלויב מיר אַז עס וואָלט מיר 1000 מאָל בעסער געוועהן אַז מען זאָל נאָכגעהן נאָך מײַן לויה עדער מיר זאָלען געהען צו די פטאַשקינס אויף תנאים.

מעכלע: איך בין שוין פאַרטיג טאַטע.

נחום: גיטעלע! עס וואָלט אֶפשר געוועהן כדאַי אַז דו זאָלסט אויך מיט אונז מיטגעהען.

גיטעלע: איך, טאַטעניו? וואָס האָב איך דאָרט צו טהון?

נחום: וואָלסטו געזעהן ווי מען וועט פערגיעסען אונזער בלוט ווי מען וועט פון אונז נקמה נעהמען אין נאָר דערפאַר וואָס דו האָסט זיך אָבגעזאָגט פון דעם שידוך.

גיטעלע: אָה טאַטעניו! פון זייער נקמה וואָלט זיך אויסגעלאָזט אַ הויך ווען דו וואָלסט זיך אַזוי שטאַרק נאָר ניט גענומען צום האַרצען.

נחום: ווי זאָל איך עס מיר ניט נעהמען צום האַרצען אַז דאָס גליק, דאָס רײַכקייט וואָס איך זעה בײַ יענעם וואָלט געקענט זײַן בײַ מיר אין שטוב, מײַן קינד זאָל עס האָבען.

גיטעלע: טאַטעניו, רײַכקייט און גליק זענען צוויי פערשיעדענע זאַכען. פטאַשקינס זוהן איז טאַקע רײַך, איך צווייפעל אָבער אויב ער איז גליקליך. גליקליכע מענשען זוכען ניט נקמה צו נעהמען.

נחום: אַ גאַנצע פילאָזאָפקע געוואָרען אונזער טאָכטער. איך ווייס אָבער־ ניט קינד מײַנס וואָס דו האָסט מיט דײַן גאַנץ פילאָזאָפישקייט אויסגעפיהרט. דער בענדושעמען, דאָס

אײבערשטע פּנים שטײסעל, דער איז נאָר אַהער געקומען דיך צו פערפיהרען.

ביטעלע: עס איז ניט אמת טאַטעניו ער האָט מיך קײן מאָהל ניט געזוכט צו פערפיהרען, קײנמאָהל ניט. (אָב)

(מען קלאַפּט אויפטריט קאָהר)

נחום: אָ איהר זענט דאָ? אבי איך האָב געמײנט איהר זענט גלײך געגאַנגען צו די פּטאשקינס. איהר װײסט דאָך זײ װילען אַז איך זאָל פאַר זײ עפּעס זינגען האָב איך געמאַכט — „גאָט און זײַן משפּט איז גערעכט" — װעט איהר עס מיט מיר דאָ איבערזינגען.

1.

דער יוד האָט אין זײַן לעבען
אַ טרײסטװאָרט צו זײַן בראָך
און דאָס האָט איהם געגעבען
זײַן אַלטער זײדע נאָך.
און װאָס פאַר שלעכטס עס טרעפט דעם יודען,
װזם זאָל איהם ניט געשעהען.
טראָגט ער אַלץ דורך שטיל צו פריעדען
גלײך װי ס'װאָלט גאָר נישט געװען.
זײַן פּנים װערט בלאַס,
זײַנע אויגען גאַנץ נאַס,
זײַן האַרץ װערט פערגאָסען מיט בלוט!
צו שטילען זײַן שמערץ,
צו הײלען זײַן הערץ
נעהמט ער זיך טרײסטען דאַמיט:
גאָט אין זײַן משפּט איז גערעכט!
מען טאָר קײן מאָל ניט זאָגען אַז גאָט טהוט שלעכט
װײַל גאָט װײסט װאָס ער טהוט,
אומזיסט שטראָפט ער קײנעם ניט,
גאָט און זײַן משפּט איז גערעכט!



2.

דער יוד איז קײנמאָל גליקליך,
פערפאָלגט פון אײביג אָן!
צוריסען אין שטיק שטיקלאַך
איז די יודישע נאַציאָן:
ער האָט קײן הײם, קײן לאַנד, קײן פרײנד ניט
קײן טרײסטענט װאָרט
די שאָנע זון, פאַר איהם זי שײַנט ניט
מען יאָגט איהם דאָ און דאָרט!
אַ פאַרשאָלטענער גר
אַ פרעמדער איז ער
איבעראַל װערט ער געפּלאָגט
ער האָט צרות פיעל
דאָך לײדעט ער שטיל
ער װײנט זיך גוט אויס און ער זאָגט
גאָט און זײַן משפּט א. ז. װ.

3.

ב'מעט אין אַלע הורות
שטעהט אַ המן אויף
און זיכט מיט כל המוראות
דעם שװאַכען יודערס סוף
אויך יעצט אין צװאָנגסטן יאָהר הינדערט
פרײַנד עראינערט אײַך
װי מען האָט דעם יוד געריבט נעפּלינדערט
דאָרט אין דעם רײַך
אַ שלעכטער מאַן
אַ הינד אַ טיראַן

האָט פערגאָסען דאָס בלוט פון דעם יוד
אַ בלוטיגען ים
האָט געמאַכט דער פּאָגראָם
און דער יוד זינגט זיך ווייטער זיין ליעד
גאָט . . .

(מען קלאַפּט אביגדור קומט אַריין)

**אביגדור:** אָ אַ פראָסט! וואָסזשע? איהר פערפּיצט זיך טאַקע צו פּטאַשקינס אויף תּנאים?

**פייגע:** יאָ מיר געהען צו די פּטאַשקינס!

**אביגדור:** איהר זאָלט זיין פאָרזיכטיג פּעטער און אַכטונג געבען.

**נחום:** וואָסזשע דו ביסט שוין געקומען זיך וויטצלען.

**אביגדור:** פאַרהיט אייך. ביי די פּטאַשקינס איז אַזוי גליטשעק אַז מען קען גע'הרג'ט ווערען געהענדיג, די מחותּנים ציהען זיך אויס ווי סאָסנעס אין דער בלאָטע.

**נחום:** איך בעט דיך זיי ניט מיין פערזאָרגער, ווי פיעל עס איז מיר נאָך בעשערט צו לעבען קען איך מיך אַליין פערזאָרגען.

**אביגדור:** ווער וויל אייך דען פערזאָרגען? איך זאָג אייך נאָר אָן איהר זאָלט אַכטונג געבען אַז איהר זאָלט נישט פאַלען.

**נחום:** איך וועל ניט פאַלען דו נאַרעלע, איך וועל ניט פאַלען. און ווייסטו פאַרוואָס? ווייל איך בין שוין געפאַלען, איך בין שוין געפאַלען! אַ גוטע נאַכט אייך אַלע, אַ גוטע נאַכט! (אָב)

**אביגדור:** ווייסט איהר קינדער וואָס פאַר אַ שפּיצעל איך האָב אָבגעטהון?

**מעכלע:** וואָס האָסטו שוין געטהון מיינגעגער אַביגדור?

**אביגדור:** איך האָב צוטיילט עטליכע סענט מיינע בעקאַנטע לויפערס זיי זאָלען מאַכען אַ גליטש ביי פּטאַשקינס הויז. האָבען זיי געמאַכט אַ ושאָב זאָל איך האָבען אַזאַ מזל, קום מעכלע און זעה! זעהסט? טראַסק! אַ מחותּן האָט זיך איבערגעקעהרט, אָט דו זעהסט? חיים באַס האָט זיך איבערגע־קויקעלט חַ חַ חַ! אָה זעהסטו? אָט געהט דער פּעטער. דו זעהסט ער היט זיך. זעה ווי ער האָט אונגענעהמען די מומע אונטער דעם אָרם, אַ גאַנצער זשענטעלמאַן. אָ די פּאַסקודסטווע מויד האָט זיך גענעהמען אַ זעקעל אַש און בעוואַרפט דעם גליטש! אַזאַ קורנאָסע מויד! אָבער נישקשה עטליכע מחותּנים וועלען שוין ניט פערגעסען פּטאַשקינס תּנאים.

**מעכלע:** אַביגדור, זאָג, זאָלסט אַזוי לעבען, וואָס האָבען דיר די פּטאַשקינס געטוהן? וואָס האָסטו צו זיי?

**אביגדור:** גאָר ניט, איך האָב גלאַט פיינט די צילינדערס, פון זיי קומען אַרויס אַלע צרות. וועסט עסען באַנאַנעס? (גיט איהר באַנאַנען). אָבער וואָס איז מיט דיר גיטעלע, וואָס זיטצט דו מיר עפּעס אַזוי אַראָב געלאָזט דאָס נעזעלע? אָה איך פאַרשטעה, דיך מיז אַוודאי פערדריסען וואָס היינט איז ביי די פּטאַשקינס תּנאים.

**גיטעלע:** נו יאָ אַז ניט וואָלט דאָך די היינטיגע שמחה מיינע געוועהן!

**אביגדור:** זעהסטו גיטעלע אַז דו ווילסט וועל איך דיר דער־צעהלען אַ משל פון 2 קאַטאָפּלעס.

**מעכלע:** וואָסזשע איין בעסערן משל ווי פון 2 קאַטאָפּלעס האָסט דו ניט?

**אביגדור:** נישקשה, איהר מעגט עס הערען ס איז נאָר אַ וויץ: אַמאָל איז געוועהן 2 קאָרטאָפּלעס. אין איין גאָרטען האָבען זיי געוואַקסען, אין איין בעט געלעגען. אין איין קאַרטאָפּיל האָט זיך פאַרגעסען דער גערטנער, און האָט זי געלאָזט ליעגען אין דער ערד, און די אַנדערע ווי געהעריג איז האָט ער אַרויס גענעהמען אויף דער פרייער ליכטיגער וועלט. האָט זיך אַנ'אונגליק געטראָפען: אין דער מיטען פון דער אַרויסגענעהמענער קאַרטאָפּלע האָט זיך אַ וואָרם

פערקליבען . היינט זאָגט מיר קינדערליך וועלכע קאַרטאָפעל איז ערגער ? דער אין דער ערד , אָדער דער אַרויסגעריסענער ? דאָס איז די פראַגע .

**מעכלע :** עס איז אָך און וועה צו ביידע דיינע קאַרטאָפלעס משוגענער אביגדור .

**אביגדור :** נאָ סער , אָה , נאָ סער ! עס איז אַ גרויסער אונטערשיעד די איבערגעבליבענע קאַרטאָפלע האָט מען געלאָזט ליגען אין דער ערד ביז זי איז אין גאַנצען פערפוילט געוואָרען . דער אַרויסגענומענער האָט מען אויפגעשניטען דעם וואָרם אַרויסגענומען און די קאַטאָפלע געגעסען .

**גיטעלע :** געגען וואָס איז דאָס משל ? אַביגדור .

**אביגדור :** טאַקע געגען דיר אַליין !

**גיטעלע :** געגען מיר ?

**אביגדור :** יאָ אין דיין הערצעלע איז אַריין אַ וואָרעם עס איז טאַקע ניט גוט , אָבער נאָך ערגער וואָלט געוועהן , ווען דו זאָלסט געוועהן אַריינפאַלען צו די פּטאַשקינס , דאָס וואָלט געהייסען אַז דו ביסט די קאַרטאָפלע וואָס איז געבליבען אין דער ערד ביז זי איז אין גאַנצען פערפוילט געוואָרען .

**מעכלע :** יאָ אַביגדור די פערגעסענע קאַרטאָפלע ליגט טאַקע אין דער ערד און פוילט .

**גיטעלע :** און דער וואָרעם קען זיך אַזוי ווייט אַריין דרעגגען אין האַרצען ביז ער זאָל אויך אָנהעבען צו פוילען ! אָה אַביגדור נישט תמידקען מען דעם וואָרעם אויסרייסען .

**אביגדור :** דו מוזט אויסשניידען . דו ביזט נאָך אַ יונג קינד , דו מוזט פערגעסען אַן בענזשעמען , אוי וואָס האָב איך דער פון מעכלע גיב מיר דעם קרוג .

**מעכלע :** צו וואָס דאַרפסטו דעם קרוג ?

**אביגדור :** גיב מיר דעם קרוג איך וויל אַרויף כאַפּען אַ ביסעל ביער . ביי די פּטאַשקינס הוליעט מען היינט , וואָס איז ? דער הויקער האָט געקריגען אַ כלה ויעלען מיר טרינקען דערפאַר וואָס מיר ווערען פטור דעם הויקער און דער פעטער זאָל לעבען וועט אויפהערען צו דילען דעם קאָפּ מיט איהם ! איך קום באַלד אַרויף ! (אָב)



**מעכלע :** וואָס טהוסטו גיטעלע ?

**גיטעלע :** דו ווייסט מעכלע . איך האָב שוין אָנגעזאַמעלט 30 דאָלאַר און איך רעכען אַז פאַר מיר איז שוין געקומען די צייט אַוועק צו פאָהרען , יאָ איך מוז פאָהרען אום דער טאַטע און די מאַמע זאָלען ניט ערפאַהרען . זיי זענען שוין אַזוי אויך גענוג אונגליקליך . —

**מעכלע :** יאָ גיטעלע , עס איז אַ רחמנות אויף דיר , עס איז אָבער נאָך מעהר רחמנות אויף זיי !

**גיטעלע :** איך ווייס אָבער ניט וואָס מיט מיר איז , עס הערבט מיר אָן צו פעהלען מוטה , די ווירקליכקייט צייגט מיר איהר אייזקאַלטעס געזיכט . פאָהרען ? וואו אַהין ? צו וועמען ? פון די וואָס זענען מיר טריי , פון די וואָס זענען מיר ליעב מוז איך אַוועק , וואָס האָב איך דען געטהון ? איך האָב ביי קיינעם ניט גענומען , איך האָב ביי קיינעם ניט פערלאַנגט איך האָב קיינעם ניט בעטראָגען , איך האָב נור ערנסט געליעבט , און האָב ניט געוואָלט אַוועק נעמען אַ טאַטע פון 2 קינדער , מוז איך יעצט אַנטלויפען פון מיין טאַטען , פון מיין מאַמע פון מיין שוועסטער מיט איהרע 2 קינדערליך אוי ! אוי ! אוי !

**מעכלע :** גיטעלע ! גיטעלע ! אֶפשר וואָלט דאָך געוועהן אַ סברא . איך האָב געהערט זאָגען אַז מען קען אפילו . . .

**גיטעלע :** שווייג מעכלע איך ווייס וואָס די ווילסט זאָגען איך ווייס . . . אָבער איך האָב אויך אַ רעכט צו זיין מאַמע פונקט ווי אַלע אַנדערע ווייבער !

**מעכלע :** ווי וועסט דו עס אָבער אויסהאַלטען ! דו ביסט אַזוי שוואַך !

**גיטעלע:** אָה! ווען איך וואָלט גאָר ניט געפיהלט קיין קינד אונטער מיין ברוסט וואָלט איך אויך ניט געהאַט צו וואָס צו לעבען, אָבער יעצט וויל איך לעבען צוליעב מיין קינד!

**מעכלע:** פאַר וואָס שרייבסטו ניט צו בענזשעמען? פאַר וואָס זאָל ער אויך דאָס אַלעס ניט וויסען? אָה שוועסטער ווי מיר שיינט האָט ער דיך שוין לאַנג פערגעסען.

**גיטעלע:** אָה ניין! בענזשעמען האָט מיך ניט פערגעסען! מיט איהם האָט געמוזט עפּעס פּאַסירען, און דאַן וואו זאָל איך איהם שרייבען? אָה מיין קאָפּ! מיין קאָפּ! (ביידע וויינען)

(אביגדור קומט אריין מיט אַ קרוג ביער)

**אביגדור:** משוגענע ווייבער קרייען! וואַט איז מיט אייך? וואָס איז דאָ געשעהן?

**מעכלע:** וואָס פאַלט דיר איין; ווער וויינט?

**אביגדור:** איהר וועט מיך נישט נאַררען איך זעה דען נישט!

**מעכלע:** זיי נישט קיין נאַרר!

**אביגדור:** טרינק בעסער גיטעלע אַ גלעזעלע ביער, דו זעהסט ביער ווי סמעטענע, וויינען גאָר! נו און דו מעכלע טרינק אויך.

**מעכלע:** איך וויל ניט טרינקען!

**אביגדור:** דו מוזט, אָה איך וויים: דו מיינסט אַז דאָס איז פּראָסטע ביער, דאָס קאָסט 15 סענט אַ פלאַש! נו טרינק שוין! נו גיטעלע ווילסט נאָך אַ גלעזעלע? אָה דו וואַרטסט אוים. נו וועלען מיר אַלע טרינקען צוזאַמען. לחיים קינדערליך, זאָלען מיר אַלע זיין געזונד און גאָט זאָל געבען אַז פון היינט אָן זאָל ביי פּטאַשקין צו וואַקסען דער הויקער! לחיים! (טרינקט)

**מעכלע:** אָה איך וויים גאָר ניט וואָס דו ווילסט פון מיר מיט



דעם ביער, דו ווייסט דאָך אַז איך טרינק ביער טהוט מיר באַלד וועה דער קאָפּ.

**אביגדור:** נאָר דערפאַר וויל דו האָסט אַ קאָפּ פון אַ הינדעלע!

שפּרינצע. (קומט אַריין)

**שפּרינצע:** גוד איווניגג.

**אביגדור** זעה נאָר אַ גאַסט מיין רב שפּרינצע איז דאָ!

**שפּרינצע:** נו און אַז איך בין דאָ געפעל איך דיר ניט?

**אביגדור:** פאַר וואָס זאָלסטו מיר ניט געפעלען, אַדרבא אַז דו ביסט דאָ טרינק אויך אַ גלעזעלע ביער.

**שפּרינצע:** איך דאַרף ניט קיין ביער, איך האָב אַ היים און אַז איך וויל טרינקען ביער, קען איך אין דער היים?

**מעכלע:** גיט איהם, גיט איהם שפּרינצע, אַ מצוה אויף איהם, איך האָב איהם אָבער געזאָגט אַז ער זאָל ניט ברענגען קיין ביער.

**אביגדור:** שפּרינצע איך האָב דיך אין אַרבעל!

**שפּרינצע:** איך וויים אַז דו קעהרסט ניט פאַר מיר, איך קעהר אָבער פאַר דיר אויך ניט. מיינעטוועגען מעגסטו כאָטש קיינמאָל אַ היים קומען, מיינעטוועגען קענסטו דיין גאַנץ לעבען פערברענגען מיט וועמען עס איז דיר ליעב און ניחא.

**אביגדור:** און פון דעסטוועגען אַז איך געה נאָר אַוועק אויף 2 מינוט לויפסט דו באַלד זעהן ווי איך בין.

**שפּרינצע:** איך לויף דיר נאָך? דיין נאַרעשין קאָפּ זאָלסטו אַזוי האָבען. איך בין גאָר ניט געקומען צו דיר, איך בין גאָר געקומען צו גיטעלע, דו ווייסט גיטעלע איך האָב פאַר דיר אַ גוטע בשורה. דו ווייסט, בענזשעמען איז דאָך דאָ! נעכטין אין דער פריה איז ער געקומען.

**גיטעלע:** נו וואָס?

**שפּרינצע:** נעכטין אין דער פריה איז ער געקומען.

**גיטעלע:** פון וואַנען ווייסט איהר דאָס?

**שפּרינצע:** זאָג נאָר וואָס האָסטו דיך אַזוי דערשראָקען?

**מעכלע:** גיטעלע!

**גיטעלע:** חַ חַ חַ! איך האָב מיך דערשראָקען, וואָס פאַלט אייך איין. אַזוי? איז בענזשעמען דאָ? זעהר אינטערעסאַנט. איהר אַליין האָט איהם געזעהן?

**שפּרינצע:** נאָ! איך אַליין ניט, נאָר איך האָב געטראָפען מר. ניסען העמדעלנעהער האָט ער מיר געזאָגט אַז ער איז גלייך צו איהם פערפאָהרען.

**גיטעלע:** אַזוי, אַזוי! איז בענזשעמען שוין אויך דאָ? און ער איז פאָרט געוועהן אַ גוטער פריינד.

**שפּרינצע:** דו ווייסט גיטעלע ער איז דאָך געקומען מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

**גיטעלע:** נו געוויס האָט ער געדאַרפט קומען מיט דער גאַנצער פאַמיליע ווי קען דען אַנדערש זיין.

**אביגדור:** אוי גיטעלע טרינק בעסער אַ גלעזעלע ביער.

**גיטעלע:** יאָ אַביגדור לאָמיר טרינקען לחיים, לאָמיר זיין געזונד! איהר זעהט שפּרינצע ווי אייער מאַן זעהט מיך צו, איהר זענט ברוגז דערפאַר?

**שפּרינצע:** איך ברוגז דערפאַר? פאַרוואָס? דאָס איז ער נאָר ביי אייך אַזאַ גרויסע מציאה ביי מיר איז ער אַ קנאַפּער אוצר.

**אביגדור:** מע האָט דיך אין אַרבעל שפּרינצע.

**שפּרינצע:** זאָג נאָר דו ווען וועסטו אויפהערען צו זשלאָקען און געהען אַ היים?

**מעכלע:** נו גיטעלע וואָס וועסטו יעצט טוהן?

**גיטעלע:** וואָס איך וועל טהון? איך ווייס ניט, נאָר אַז ער איז דאָ וויל איך איהם זעהן.

**מעכלע:** וועסט דו איהם זאָגען?

**גיטעלע:** איך ווייס ניט, איך וויל איהם נור זעהן — איהר ווייסט שפּרינצע איך האָב מיך שוין פּשוט נאָך אייך פאַרבענקט, איך האָב אייך שוין אַ גאַנצע וואָך ניט געזעהן, ניט אייך ניט אייערע קינדערליך, וואָס טהוט איהר? וואָס מאַכען די קינדערליך?

**שפּרינצע:** זיי זענען אָללרייט.

**גיטעלע:** איהר ווייסט שפּרינצע אַז מיר זענען היינט בעל שמחה'ס.

**שפּרינצע:** וואָס פאַר אַ שמחה איז ביי אייך?

**גיטעלע:** סטייטש ביי די פּטאַשקינס איז דאָך היינט תנאים. דער טאַטע און די מאַמע זענען אַהין געגאַנגען און דערפאַר האָט טאַקע אַביגדור געקויפט ביער.

**אביגדור:** נישקשה איך וועל קויפען נאָך אַ קריגעל ביער. איך האָב היינטען אויך געטרינקען, נישקשה!

**שפּרינצע:** דערפאַר איז מיין אַביגדור פרעהליך, אויף יעדענס שמחה פרייט זיך מיין מאַן, נאָר ווען ער קומט אַהיים בעפאַלט איהם אַ מרה שחורה. קום שוין אַהיים עסען וועטשערע קום!

**אביגדור:** אָה ווען וועט שוין גאָט מיך בעפרייען פון די טרויריגע טעג! אָט צוויי מאָהל אין יאָהר לאָזט מיך מיין ווייב טרינקען, דאָס איז פּורים און שמחת תורה, היינט איז ביי מיר שמחת תורה, אָט עס זאָגט זיך אַזוי... דו געדענקסט גיטעלע אין דער היים שמחת תורה ווי איך פלעג נעהמען די תורה אין די הענד און די גאַנצע משפחה פלעגט זיך אַרום נעמען אַ רעדעל און מיר פלעגען זינגען דיין טאַטענס שישו ושמחו בשמחת תורה, דו געדענקסט עס, דערמאַן עס מיך.

(זינגט געהען אָב, בענזשעמען קומט אַריין)

**בענזש.:** האָסט זיך דערשראָקען גיטעלע?

**גיטעלע:** דערשראָקען? ניין! נאָר עפּעס אַזוי פּלוצים אין נוי־יאָרק, וואָס בעדייטעט דיין פלעצליכעס צורוקקומען?

**בענזש.:** עס איז גאָר ניט פלוצום, עס איז שוין געווען אָבגעמאַכט ביי מיר גאַנץ לאַנג, זייט איך האָב פערלאָסט נוי־יאָרק.

**ניטעלע:** גאַנץ לאַנג? ווי לאַנג איז עס דען? אינגאַנצען ניט מעהר ווי 4 חדשים.

**בענזשעמען:** יאָ, אָבער די 4 חדשים האָבען זיך ביי מיר גאַנץ לאַנג און טרויריג געצויגען.

**ניטעלע:** דו האָסט געבענקט נאָך נוי־יאָרק?

**בענזש.:** נאָר וויל דו ביזט דאָ פערבליבען.

**ניטעלע:** נו פאַר וואָס האָסטו מיר נישט געשריבען?

**בענזש.:** איך האָב דיר יאָ געשריבען אַ בריף.

**ניטעלע:** אַ בריף? ניין, אַזאַ קליין בריפעלע. אָה בענזשעמען, האָב איך דען נישט מעהר ביי דיר פערדיענט? איך בין דאָ שיעור משוגע געוואָרען, איך האָב געמיינט גאָט ווייס וואָס מיט דיר איז געשעהן. נו זאָג וואָס מאַכט דיין פאַמיליע, וואָס מאַכסטו?

**בענזש.:** מיין קליין מיידעלע, מיין פרעהליך רחל'ע איז געשטאָרבען.

**ניטעלע:** אוי וועה איז מיר!

**בענזש.:** ס'איז פלוצום קראַנק געוואָרען, און יעצט האָב איך אין דער היים צוריקגעלאָזט אַ קליין פריש קבריל. ווען דאָס אונגליק זאָל ניט געוועהן געשעהן, וואָלט איך געוועהן אַליין צוריקגעקומען. אָבער מיין קינדס טויט האָט מיין פרוי אינגאַנצען צו שיטערט. זי איבערלאָזען אַליין האָב איך ניט געקענט, איך זאָל דאָרט בלייבען האָב איך ניט געוואָלט, אַזוי זענען מיר אַלע אַ הער געקומען.

**ניטעלע:** און דיין עלטער קינד?

**בענזש.:** ער איז אַללריים.

**ניטעלע:** און דיין פרוי?



**בענזש.:** זי איז זעהר ניט געזונד, איך מוז זעהן איהר ריפען, אַ דאָקטאָר.

**גיטעלע:** און ווי בעפינדעט זי זיך יעצט?

**בענזש.:** ביי מיינעם אַ לאַנדסמאַן. איידער איך בין אַוועק איז ער געווען פערמעגליך יעצט האָט ער ניט קיין אַרבייט עס איז איהם זעהר שלעכט. 2 קינדער זענען ביי איהם קראַנק, איך זאָג דיר גיטעלע עס איז אַ גאָטסמיטליידיגקייט אויף איהם. ביי איהם און שטוב איז אַ פאָלשטענדיג האָספיטאַל.

**גיטעלע:** פאַר וואָס דינגסטו ניט קיין דירה?

**בענזש.:** איך מוז זעהן ערשט אַרבייט געפינען. וואָס קוקסט אַזוי אויף מיר גיטעלע?

**ניטעלע:** איך זעה אַז דו האָסט זיך זעהר פיעל פערענדערט, זייט מיר האָבען זיך ניט געזעהן.

**בענזשעמען:** איך האָב דיר שוין פריהער געזאָגט אַז די צייט האָט זיך פאַר מיר זעהר לאַנג און טרויריג געצויגען. אַצינד גלייבסטו מיר שוין?

**ניטעלע:** ווען האָב איך דיר ניט געגלויבט? אָה, אָה וואָס איך זעה ביי דיר גרויע האָר, אָה איך האָב ביי דיר פריהער דאָס ניט געזעהן,

**בענזש.:** דו ווייסט גוט פון וואָס מיינע האָר זענען גרוי געוואָרען.

**ניטעלע:** פון וואָס?

**בענזש.:** דו געדענקסט גיטעלע, ווי מיר האָבען זיך דאָס לעצטע מאָהל געזעהן?

**ניטעלע:** יאָ אַזאַ מאָמענט פערגעסט מען ניט אַזוי לאַנג מען לעבט.

**בענזשעמען:** דו האָסט דעמאָלס מיין קאָפּ אַרומגענומען מיט דיינע הענד, און אַ פּאָר טרערען זענען פון דיינע שעהנע אויגען אויף מיין קאָפּ אַראָבגעפאַלען, אָט די טרערען פיהל איך ווי זיי פערצעהרען דעם מאַרך

אין מיין קאָפּ, און די פּאָר טרעהרען מאַכען מיך גרוי און אַלט.

**גיטעלע:** וואָס איז מיט דיר בענזשעמען?

**בענזשעמען:** דאָס ערגסטע דאַבײַ איז, אַז איך האָב אין גאַנצען מײַן מוטה פערלאָהרען, מײַנע הענד לעגען זיך צו קיין זאַך ניט, און מײַן לעבען איז דאַדורך פערלאָרען.

**גיטעלע:** דײַן לעבען, נו און מײַן לעבען?

**בענזש.:** דו וויינסט גיטעלע?

**מעכלע:** (ערשייינט) גיטעלע, דער טאַטע און די מאַמע געהן שוין אַהיים.

**גיטעלע:** געה אַהיים בענזשעמען. איך וויל ניט אַז מײַנע עלטערן זאָלען דיך דו טרעפען.

**בענזשעמען:** גוד נײַט גיטעלע!

**גיטעלע:** וואַרט אויס אַ מינוט, נאַ בענזשעמען דאָ האָסטו 30 דאָלאַר געה זעה דיר אַ דירה ביז דו וועסט זיך זעטצען אַרבײַטען.

**בענזש.:** גיטעלע, גיטעלע! וואָס ווילסטו טהון? וואָס ווילסטו טהון? איך קען ניט און וויל דאָס געלד ניט נעהמען, עס איז אמת, איך האָב געאײַלט צו דיר, ווײַל איך האָב געפיהלט אַז איך פאַל, אַז איך געה אונטער, נאָר דו מיט דײַנע זיסע רייד קענסט מיך ווידער בעלעבען. ווילסטו יעצט פון מײַן קומען און רעדען מאַכען איין... גוט נײַט גיטעלע, גוט נײַט! (אַב)

**מעכלע:** נו וואָס האָט ער דיר געענטפערט, דו האָסט איהם אַלעס געזאָגט?

**גיטעלע:** אָה לאָז מיך, לאָז מיך צוריה!

**מעכלע:** איז וואָסזשע דו האָסט ווײַטער געשוויגען, וואָס וועט זײַן דער סוף, גיטעלע דער טאַטע... (מע הערט רעדען נחום און פייגע קומען אריין)



**נחום:** אָה אַ מאַמע דאַרף היטען.

**פייגע:** אַ ליגען, יאָהרען און גליק זאָלען זיי אַזוי האָבען אויב דאָס איז אמת.

**מעכלע:** וואָס איז מאַמע, וואָס איז געשעהן?

**נחום:** דו וועסט שוין וויסען, דו וועסט שוין באַלד אַלדינג וויסען. איך האָב זעהר שעהנע נײַעס געהערט פון דיר טאָכטער מײַנע, ווי הייסט ער דער... דער אַמאָליגער קאַסיטש דײַנער, ער איז שוין ווידער געקומען נאָך ניו־יאָרק.

**גיטעלע:** מן הסתמה האָסט דו עס פון עמיצין געהערט, געוויס ווײַסט יענער וואָס ער רעדט.

**נחום:** פון עמיצין געהערט, יענער ווייסט, נו און דו ווייסט פון גאָר ניט?!

**גיטעלע:** אָבער צו וואָס טויגען די אַלע פראַגען וואָלט איך געוואָלט וויסען?

**נחום:** איך וועל דיך בעטען איין זאַך. אַז איך פרעג דיך עפּעס מן הסתם ווייס איך צו וואָס איך פרעג. דער מאַן האָט מיר נאָך עפּעס געזאָגט... זאָג נאָר איז דאָס אמת מען האָט מיר געזאָגט אַז דו ביסט מיט איהם אין ווײַטע וועגען אַרײַנגעקראָכען, גיטעלע דו זאָלסט מיר יעצט אויסזאָגען דעם גאַנצען אמת! זאָג מיר נאָר אַז דאָס איז אַ ליגען, אַזוי געה איך באַלד צוריק צו די פּטאַשקינס, די מענשען וואָס האָבען מיר דאָרט דאָס בלוט פערצאַפּט זייען נאָך דאָרט, זאָג מיר נאָר אַז דאָס איז אַ ליגען, אַזוי וועל איך זיי דערהרגנען, די צינגען פון זייער מויל וועל איך זיי אַרויס שלעפּען. (דערווײַל געהט מעכלע צו דער מאַמע)

**מעכלע:** מאַמע לאָז איהם ניט געהן עס איז אַלעס אמת (ביידע וויינען)

**נחום:** וואָס איז דאָס? וואָס וויינט איהר, וואָס זענען דאָס פאַר אַ... עס איז אמת, עס איז אמת! וועה מײַן קאָפּ...

נו פייגע, נו מאַמע! דו זאָגסט אַז איך זאָל ניט שרייען.
נו וואָס זאָגסטו אויף אונזער טאָכטער, געוועהן אונזער
טרייסט, אונזער גליק אונזער האָפנונג אויף דער עלטער,
וואָלט ניט בעסער געוועהן אַז מיר וואָלטען זי געוועהן
בעגראָבען אַלס קינד איידער פון איהר אַזאַ שאַנדע צו
דערלעבען! אָה, וועה מיר! זי האָט אונז אונגליקליך
געמאַכט, זי האָט דאָך אונז געקוילעט, געקוילעט אָן
אַ מעסער! געקוילעט!

**פייגע:** אָבער וואָס איז זי שולדיג? מע האָט זי פערפיהרט, מע האָט זי אונגליקליך געמאַכט, מע האָט אָבגעקוילעט אונזער קינד! (ער לאָזט זיך געהן)

**מעכלע:** ווי געהסטו, ווי אַהין געהסטו?

**פייגע:** ווי געהסטו?

**נחום:** (אויסער זיך) וואָס פרעגט איהר מיך ווי אַהין זאָל איך געהן? איך וויל געהן צו איהם, צו איהר פערפיהרער, איך וויל איהם אַזוי וויסט און פינסטער מאַכען זיין לעבען, ווי ער האָט וויסט און פינסטער געמאַכט אונזער לעבען.

**גיטעלע:** טאַטעניו! געה ניט, דו וועסט דיר אומזיסטיגע שמערצען פערשאַפען.

**נחום:** זעה נאָר, זעה די טאָכטער איז בעזאָרגט אַז דער טאַטע וועט האָבען שמערצען און יסורים. אַ ליגען, מרשעת! אין דיין הערצען איז אויסגעלאָשען יעדער פונק רחמנות. וואָסזשע, וועה איז מיר, האָסט דו גאָר ניט אַ טראַכט געגעבען וועגען דעם אַלטען טאַטען? וואָס וועט טהון די אַלטע שוואַכע מאַמע? ווי וועט קומען די אָרמע אלמנה מיט די 2 פיצעלעקליך יתומים? וואָס וועלען מיר אַלע טהון? ווי וועלען מיר אַהינקומען? אָה, אָה די ביזט אַ גזלנטע און איך וועל איבער דיר ניט האָבען קיין מנוחה אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט! דו ביסט אַ שטן, אַ משחית דו ביסט אַ קללה...



**פייגע:** אָה שעלט זי ניט!

**גיטעלע:** שעלט מיך ניט טאַטעניו.

**נחום:** זאָג מיר ניט טאַטעניו איך וועל דיך דערהרג'נן איך בין ניט דיין טאַטע, לאָזט מיך געהן, לאָזט מיך געהן!

**ביידע:** דו וועסט ניט געהן!

**גיטעלע:** טאַטעניו דו האָסט מיך שלעכט פערשטאַנען, בענזשעמען וויסט פון קיין זאַך ניט, בענזשעמען האָט גאָר ניט דערמיט צו טהון...

**נחום:** אַזוי? ניט ער? נו וואָזשע געה איך אין דער אמת'ן, איך אַלטער נאַר? אַז ניט ער, ווערזשע דען? אַז ניט ער... אָה איך וועל מיר אַ מעשה אָנטהון! איך וועל מיר אַ מעשה אָנטהון! איך וועל מיר דאָס לעבען נעהמען. ווי וועלען מיר קענען דאָס פנים ווייזען, ווי וועל איך קענען אין אַ שוהל אַריינקומען! אַזוי, אַזוי, אַרוים פון הויז!

**פייגע:** נחום וואָס רעדסטו?

**מעכלע:** טאַטע, וואָס ווילסטו טהון?

**נחום:** אַרוים פון הויז!

**גיטעלע:** יאָ איך געה, איך געה.

**מעכלע:** טאַטעניו, וואָס טהוסט דו אָב? האָב רחמנות אויף איהר ווי וועט זי געהן? האָב רחמנות!

**נחום:** רחמנות? האָט זי דען רחמנות געהאַט אויף אונז? זאָל די גאַנץ וועלט וויסען אַז נחום עסטערין האָט געהאַט אַ שלעכטע טאָכטער, האָט ער זי פערטריבען. זאָל זי געהן! אויב זי וויל ניט אַז איך זאָל זי דאָ אויף דער שטעלע דערהרג'נען.

**גיטעלע:** מעכלע זיי געזונד! (אָב)

**פייגע:** גיטעלע מיין קינד! (לאַנגע פויזע)

**נחום:** רבונו של עולם פאַר וואָס קומט עס מיר, פאַר וואָס קומט עס מיר?

(ענדע צווייטער אקט).

~~~~~~~~~~~
~~~~~~~~~~~

# דריטער אַקט.

(אַ צימער בײַ אביגדורן. שפרינצע זיצט און אַרבײַט עפּעס. אביגדור קומט אַן.)

---

**אביגדור:** שפּרינצע!

**שפּרינצע:** וואָס איז?

**אביגדור:** דו קענסט גאָר ניט ווײַזען דײַן לעכטיג פּנים.

**שפּרינצע:** איך האָב דיך אין דער ערד!

**אביגדור:** איך האָב דיך אין אַרבעל!

**שפּרינצע:** אָה קוק נאָר אָן! דו האָסט דיר פערשווירען דעם באָרד.

**אביגדור:** זעה איך עפּיס בעסער אויס?

**שפּרינצע:** און אַ נײַען ראָק האָסטו דיר אויך געקויפט.

**אביגדור:** יאָ מײַן טהײַערע...

**שפּרינצע:** דאָס אַלעס האָסטו געטהון צו ליעב דײַן גאַסט.

**אביגדור:** נו וואָס זשע? איז עס שען?

**שפּרינצע:** גאָה! גאָה בעסער אַרײַן און וויעג צו די קינדער, זיי האָבען זיך אויפגעכאַפּט.

**אביגדור:** אַ שענע אַרבײַט! אַז דו ווילסט איך זאָל צו וויעגען די קינדער, וועל איך דאָס וויעגעלע אַרײַנברענגען דאָ אַהער.

**שפּרינצע:** איך וויל ניט אַז דו זאָלסט זיי דאָ אַרײַנברענגען.

**אביגדור:** וואָסזשע? די מאָזעלן זענען דאָך שוין פאָריבער,

**שפּרינצע:** שעהנער טאַטע שטײַנס געזאָגט, דו ווייסט דען ניט אַז די קינדער דאַרפען נאָך 8 טאָג ניט זעהן די לעכט.

**אביגדור:** (בינד אַ שטריק) באַלד! באַלד!

**שפּרינצע:** וואָס טהוסטו? דו סטראָעסט שוין ווידער דײַנע מאַשינאַציעס?



**אביגדור:** וואָסזשע עס שטעהט ניט אָן מײַן צווילינגס טאַטען אַז איך זאָל זיי שלעפען מיט אַ שטריק, נאָר איך זאָל זיטצען מיט זיי דאָרט אין פינסטערן אַלקער?

**שפּרינצע:** הלואַי זאָל איך ליעגען זאָגען, דו וועסט נאָך אונמאַכען אײַן אונגליק מיט דײַנע קינדער.

**אביגדור:** נישקשה, איך האָב עס שוין גוט צו געבונדען (זינגט אי לי, לי)

**שפּרינצע:** וואָסזשע האָסטו אַלץ אַוועק געוואָרפען און געקומען? אוים פעדלען! דו האָסט דאָך נאָך צײַט געהאַט דיך צו זעהן מיט די טהײַערע געסט.

**אביגדור:** נײַן! איך מוז גיטעלע זעהן באַלד ווי זי וועט קומען!

**שפּרינצע:** מײַנעטוועגען וואָלט זי אין גאַנצען ניט בעדאַרפט קומען.

**אביגדור:** אוי ביסטו אַ שלעכט מענש? אָהן אַ ברעקעל האַרץ, אָהן אַ דעך פון אַ נשמה. עס איז שוין 6 יאָהר ווי מיר האָבען גיטעלען ניט געזעהן, וואָס רעד איך עס איז שוין מעהר.

**שפּרינצע:** אַז זי קומט שוין האָט זי וועניגסטענס בעדאַרפט קומען אַלײן, ניט מיטברענגען דאָס קינד.

**אביגדור:** פאַר וואָס אַלײן, פאַר וואָס זאָל זי ניט מיטברענגען דאָס קינד?

**שפּרינצע:** מען וועט זיך דאַרפען גענוג בעגראָבען פאַר בישה.

**אביגדור:** אָה! אַז דו ווילסט זיך בעגראָבען, מהכא תיתא. אָבער אין מײַנע אויגען איז גיטעלעס קינד פונקט אַזוי כשר ווי אונזער צווילינג, אַלע קינדער ווערען אויף אײן אופן געבוירען.

**שפּרינצע:** דו גראָבער עקספּרעסמאַן! מײַנע קינדער זענען ניט קײן ממזרים! דו הערסט?!

**אביגדור:** וואָס איז מיט דיר עפּעס פאַר אַזאַ גליק, ווײַל דאָרט אין אָרשע האָט מען אונז בײַדע אַרונטערגערוקט אונטער 4 שטאַנגען, און דער אָרשער רב האָט געהאַלטען

איבער אונז אַ שפּרוך? האַ? ווען איך זאָל איהם יעצט דערטאַפּען וואָלט איך מיך מיט איהם אָבגערעכענט.

**שפּרינצע:** איך האָב דיך אין דר'ערד דו גראָבער עקספּרעס-מאַן. איך פאַרשטעה ניט פאַר וואָס פאָהרט זי צו אונז, ניט צו איהרע עלטערן?

**אביגדור:** ווייל: ערשטענס, וואָהנען זיי ביי די פּטאַשקינס אין הויז און צווייטענס, וויל דער פעטער פון איהר ניט וויסען, און דריטענס, האָב איך גערעכענט זי וועט דאָ זיין, וועלען מיר זעהען צו מאַכען שלום. האָב קיין מורא דיינס וועט זי גאָר ניט צונעהמען.

**שפּרינצע:** זי האָט דאָך אָבער שוין קיינמאָל ניט גערעכענט אהיים צו קומען?

**אביגדור:** זי איז זעהר קראַנק, דו האָסט דאָך געהערט לעזען דעם בריעף אַז זי איז זעהר קראַנק.

**שפּרינצע:** אָבער ווער קענן איהר דאָ העלפען? דער טאַטע דער קבצן? וואָס ווען פּטאַשקינס גיט איהם ניט, וואָלט ער געשטאָרבען פאַר הונגער? אָדער איהר שוועסטער מעכלע וואָס זי האָט שוין ניט קיין כח אַרומצוגעהן? אוי אַביגדור? איך וועל דיר זאָגען דעם אמת אַז עס איז גאָר קיין רחמנות ניט אויף איהר. זי האָט זיך אַליין גענומען די צרות, לאָז זי זיך האַלטען מיט זיי.

**אביגדור:** אוי, האָסטו אַ בראַנדיגען פּיסק! מיט אַזאַ מויל וואָלט איך דיר געוואונשען צו לעבען 100 יאָהר נאָר אָהן אַ קאָפּ.

**שפּרינצע:** איך האָב דיך אין דער ערד!

**אביגדור:** אַצינד זעה איך, אַז איך האָב ניט קיין גליק, אַנדערע מענער האָבען טאַקע מזל און איך ליעג טאַקע אין דער'ערד מיט דעם קאָפּ. (קוקט אין אַ צייטונג און רעדט)

**שפּרינצע:** וואָס איז?

**אביגדור:** קום אַהער וועסטו זעהן, אויף שטיקעניש, דאָ אין „פאָרווערטס" ווי אַ מאַן איז גליקליך געוואָרען דורך אַ פרוי.



**שפּרינצע:** דורך אַ פרוי? ווי אַזוי?

**אביגדור:** זי איז געגאַנגען און אַ טראַמוויי איז אויף איהר אַדויף און איהר צושפּאָלטען דעם קאָפּ. און דער מאַן קריעגט 1000 דאָלאַר.

**שפּרינצע:** איך האָב דיך טיעף אין דער ערד!

**אביגדור:** איך זאָל אַזוי לעבען און געזונד זיין, ווי איך מאַך עס פאַר 500! (שפּרינצע אָב, מען קלאַפּט) אַריין.

**מעכלע:** גוד איווינינג! זי איז נאָך נישטאָ?

**אביגדור:** ניין!

**מעכלע:** וואָס איז עפּעס מיט שפּרינצען?

**אביגדור:** זי איז עפּעס נישט געזונד.

**מעכלע:** וואָס וואַרפט זי זיך אַזוי?

**אביגדור:** דאָס האָט זי געקריגען אַזאַ קדחת.

**מעכלע:** אפשר איך האָב געמיינט אַז זי איז עפּעס ברוגז אויף מיר. וואו איז זי אַוועקגעגאַנגען?

**אביגדור:** וואו זי איז אַוועקגעגאַנגען, וועט זי באַלד צוריק קומען, איבערהויפּט אַז זי ווייסט אַז דו ביזט דאָ. אָט האָב איך דיר געזאָגט? (שפּרינצע קומט צוריק אריין).

**מעכלע:** א, וואָלט איך שוין געוואָלט זעהן גיטעלען! דו הערסט אַביגדור, איך האָב מיך אַצינד דערמאַנט אין עטליכע ווערטער וואָס גיטעלע האָט מיר געזאָגט איידער זי איז אַוועק געפאָהרען: אַ גרויס אונגליק — האָט זי געזאָגט — טרייבט זי אַוועק פון אונז, אָבער נאָך אַ גרעסער אונגליק קאָן זי צוריקברענגען. אָה! מיין הערץ איז מיר זעהר שווער. (מען קלאַפּט) אַריין! (גיטעלע מיטן קינד). גיטעלע! שוועסטער מיינע! (אומאַרמונג) קום אַריין, וואָס ביסטו שטעהן געבליעבען ביי דער טהיר?

**גיטעלע:** וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכט דער טאַטע? די מאַמע? און דיינע קינדערלעך?

מעכלע: גאָט זיי דאַנק זיי זענען אַלע געזונד. און וואָס מאַכסטו?

גיטעלע: וואָס זאָל איך מאַכען, איך האָב אַזאַ שען טעכטערל.

מעכלע: גאָר אַ שען קינד. און ווי רופט מען דיין טאָכטער?

גיטעלע: איך ווייס אַליין אויך ניט, איך רוף זי מיט פערשידענע נעמען.

קינד: מיין נאָמען איז נעטי.

מעכלע: קום צו מיר שענע נעטי, לאָמיך דיך אָנקוקען.

גיטעלע: אַביגדור, שפּרינצען! וואָס מאַכט איהר? (אומאַרמונג) וואָס טהוט איהר?

אביגדור: ביי מיר געהט אַלעס פּאָסטאַראָמו: איך האַנדעל נאָך מיט גרינס. דאָס ווייב דאָס אייגענע, דאָס פערד דאָס אייגענע אַלעס פּאָסטאַראָמאָ. וואָס מאַכסטו גיטעלע?

גיטעלע: דו ווייסט דאָך אַביגדור! אַ מענש האָט פערשידענע צייטען: אַמאָל איז גוט, אַמאָל איז שלעכט. וואָס מאַכען אייערע קינדערלעך?

שפּרינצע: די קינדערלעך מאָזעלן, אָבער, דאַנקען גאָט, זענען שוין בעסער.

אביגדור: אוי אַ צווילונג! איך זאָג דיר גיטעלע, ווען איך זאָל האָבען אַסך געלד, וואָלט איך זיי געשיקט נאָך סענט לואיס אויף דער אויסשטעלונג! אַז דו ווילסט גיטעלע קום אַריין אין אַלקער, וועל איך דיר ווייזען די מתנה וואָס שפּרינצע האָט מיר געשענקט. איך דאַנק און לויב גאָט וואָס זי האָט מיר ניט געשענקט איין דרילונג! (אָב מיט גיטעלע אין אַלקער)

מעכלע: שפּרינצע! אֶפּשר זענען זיי הונגעריג? געה אַראָב אין באַזאַר אַריין און חאַפּ עפּעס אַרויף, איך בעט דיך.



שפּרינצע: איך לויף שוין. (אביגדור מיט גיטעלען קומען צוריק)

אביגדור: האָסט געזעהן גיטעלע? אָט דאָס קינד מיט דעם רויטען בענדעלע איז עלטער מיט 13 מינוט.

גיטעלע: וואָס איז דאָס פאַר אַ שטריק ביי אייך?

שפּרינצע: דאָס איז מיין אַביגדורס מאַשינאַציע.

אביגדור: איין אייגענער פּאַטענט. אַזוי זיטץ איך מיר אין דעם צימער, ציה מיר דאָס שטריקעל, זינג מיר אַ ליעדעלע און טהו מיין אַרבייט.

גיטעלע: (צו מעכלען) פאַר וואָס האָסטו נישט מיט געבראַכט דיינע קינדערליך?

מעכלע: איך וויל דאָך אַז דו זאָלסט געהן אַהיים מיט מיר.

גיטעלע: אַהיים? נו און דער טאַטע?

מעכלע: אַז דו וועסט, נאַרעלע, אַהיים קומען, וועט ער דיך ניט אַרויסוואַרפען.

גיטעלע: אָה ניין מעכלע, איך וויל אין דעם זיבער זיין. איך וואָלט זעהר געוואָלט געהן אַהיים זעהן דעם טאַטען, די מאַמען און דיינע קינדער. אָבער ווייסטו וואָס? אַ גוטער געדאַנק: איך וועל שרייבען דעם טאַטען אַ פּאָר ווערטער, אֶפּשר וועט עס ווייבער מאַכען זיין הערץ.

קינד: מאַמעניו איך וויל אַ טרינק.

מעכלע: אַ ביסעלע וואַסער.

אביגדור: וואַסער? (לויפט און רעדט צו שפּרינצען) שטעהסט ביי דער קיבעל האָסטו מורא צו דערלאַנגען אַ ביסעל וואַסער?

גיטעלע: אוי וועה איז מיר! זי קען דאָס וואַסער ניט טרינקען! אַזוי ווי איהר זעהט, איז זי נאָר געוואָהנט ביי מיר געזאָטען וואַסער צו טרינקען. אָה! וואָס איז דו פאַר אַ צוק ביי אייך.

מעכלע: אַ צוק! אֶפּשר איז ערגיץ אַ טהיר אָפען.

אביגדור: ניין! עס איז פון פענסטער. שוין 8 וואָכען איז אויסגעהאַקט אַ שויב, און איך בעט מיך ביי איהר: לאָ-

אַרײַנשטעלען אַ שויב! פערשטיפּ כּאָטש מיט אַ קישען.

**שפּרינצע:** אַביגדור! איך דאַרף אַרונטער געהן אין דעם באַזאַר אַרײַן, דו זאָלסט זעהן אַז די קאַווע זאָל ניט אויסלויפען און זאָלסט אַכטונג געבען אויף די קינדער, דו הערסט? (אָב)

**אביגדור:** איך הער. שענע מלאכות גיט זי מיר? גיטעלע וואָס וועסט דו טרינקען? קאַווע, טהע אָדער גאָר אַרויפנעהמען אַ קריגעל ביער?

**מעכלע:** מען דאַרף ניט אַביגדור. גיטעלע וועט באַלד אַ היים געהן. וואָס איז גיטעלע? דאָס קינד איז אַזוי שלעפעריג.

**גיטעלע:** וועה מיר! זי איז נעבעך מיעד. 2 טאָג שוין אַז זי שלאָפט אין די קליידעלעך. אַביגדור זײַט אַזוי גוט, גיט מיר אַ קישעלע פאַר דעם קינד.

**אביגדור:** אָה! איך קען ניט נעמען פון דאָרטען, ווײַל די קינדערליך מאָזלען, איך וועל געבען פון מײַן בעט. זעה! זי איז שוין טאַקע אײַנגעשלאָפען.

**גיטעלע:** אַביגדור זײַט אַזוי גוט, גיט מיר טינט און פעדער (זי זעצט זיך און הוסט שטאַרק).

**מעכלע:** וואָס איז דיר גיטעלע! וואָס הוסט דו אַזוי? דו האָסט זיך פערקיהלט?

**גיטעלע:** ניין, גאָרניט. איך האָב מיר די לעצטע צײַט אָבגעשפּאַרט אַ ביסעל שטעכעניש.

**מעכלע:** וועה מיר! פאַר וואָס פרעגעסטו ניט אַ דאָקטאָר?

**גיטעלע:** וואָס קענן מיר שוין אַ דאָקטאָר העלפען?

**אביגדור:** אָה די דאָקטאָרים! מאָטקע פעלדשער אַ דאָקטאָר נטע לאַטוטניק אין דער היים געוועהן אַ בעל העגלה און דאָ איז ער אַ גאַנצער פּראָפעסאָר. נור זיי שעפען אין שעפען אַז פאַרשעפעט זאָלען זיי שוין ווערען. נו גיטעלע [illegible] האָסטו טינט און פעדער. די פעדער אי[illegible]



אַ ביסעלע פערראָסטעט, ווײַל מיר נוצען זיי זעהר זעלטען.

**מעכלע:** וואָס שרײַבסטו דעם טאַטען?

**גיטעלע:** אַ פּאָר ווערטער נור. (פערהוסט זיך מיט בלוט)

**מעכלע:** וואָס איז דאָס גיטעלע, בלוט גאָר?

**גיטעלע:** גאָר ניט! דו וועסט אויפוועקען דאָס קינד!

**מעכלע:** אַביגדור דאָס טיכעלע איז מיט בלוט וועה איז מיר! (וויינט.)

**גיטעלע:** אַביגדור איך האָב דיך געוואָלט עפּעס בעטען.

**אביגדור:** אַוודאי, אַוועקטראָגען דאָס בריעפעלע?

**מעכלע:** ניין. איך וועל אַליין געהן. אַביגדור, איך וויל דעם טאַטען אַליין בעטען. גיב מיר דעם בריעף.

**גיטעלע:** ניין מעכלע. דו בלײַב דאָ איך וויל מיט דיר עפּעס רעדען.

**אביגדור:** נו וועל איך געהן. מעכלע איך וויל דיך עפּעס בעטען: זאָלסט אַזוי גוט זײַן און אַכטונג געבען אויף דער קאַווע זאָל ניט אויסלויפען ווײַל טאָמיר לויפט זי אויס, וועל איך דאַרפען אַנטלויפען אויף יענער זײַט סמבטיון. און דאָרט ליעגען מײַנע 2, מיט מזל געמאָזעלטע פּרינצעלעך. אפשר כאַפּט זיך אַ פּרינץ אויף נעם אן די מאַשינאַציע, ווי מײַן ווײַב רופט עס, און גיב אַ ציה, אָבער ניט אַ שטאַרקען, איך בעט דיך, איך קום באַלד צוריק! (אָב.)

**גיטעלע:** זי איז אײַנגעשלאָפען, ווי שען זי איז? און ווער ווייסט וואָס פאַר אַיין אונגליק זי ערוואַרטעט! וואָס זאָגסטו צו מײַן טאָכטער? אַ יאָ אַ שען קינד?

**מעכלע:** יאָ, זעהר אַ שען קינד!

**גיטעלע:** אוי שוועסטער ווען מײַן קינד זאָל געבוירען ווערען אויף דעם כּשרען יודישען שטײַגער וואָלסטו אַנדערש אויף איהר געקוקט.

**מעכלע:** וואָס פעלט דיר אַיין גיטעלע?

גיטעלע: אין דיין קוקען אויף מיין קינד זעה איך ניט קיין ליעבע, נור רחמנות. דו האסט מיין קינד נאר איינמאל א קוש געגעבען, און דער קוש איז אויך געוועהן אוים מיטלייד. אה שוועסטער! איך האב דיינע קינדער גאנץ אנדערש ליעב געהאט, אנדערש געקושט! פאר וואס קומט עס מיר?

מעכלע: וואס רעדסטו? גיטעלע, איך האב קיין זאך ניט און זינען געהאט.

גיטעלע: בעטראכט נור דאס אונשולדיגע קינד און זאג וואס פאר א פערברעכען איז זי בעגאנגען, וואס מען קוקט אויף איהר מיט א זעלכע שטעכענדיגע און גיפטיגע בליקען.

מעכלע: איך זאל אזוי קיין שלעכטס ניט האבען, גיטערע, אויב איך האב עפעס געדענקט דערפון.

גיטעלע: איך מיין גראדע נישט דיך, איך מיין אפילו ניט שפרינצען, וואס זי האט מיין קינד אזוי קרום אנגעקוקט. איך מיין אלע אנדערע מענשען. אין די 6 יאהר האב איך בעגעגענט אסך אזעלכע בליקען. אנפאנגס האט עס מיך ניט געהארט, יעצט אבער הויבט עס מיך אן צו שרעקען! עס קיהלט אין מיר מיין בלוט. ארעמעס קינד, ווער וועט אויף דיר אכטונג געבען ווען דיין מאמע וועט ניט זיין?

מעכלע: וואס איז מיט דיר? וואס מיינסטו? וואס זאגסטו מיר ניט וואס איז מיט דיר?

גיטעלע: שא! דו וועסט אויפוועקען מיין קינד! קום זעץ דיך אניעדער איך וויל מיט דיר עפעס רעדען.

מעכלע: וואסווילסטו?

גיטעלע: זאג מיר מעכלע, ווייסטו עפעס פון בענושעמען?

מעכלע: פון בענושעמען זעהר וועניג, ער האלט א מילך געוועלב.



גיטעלע: זעהסט איהם א מאל?

מעכלע: זעהר זעלטען.

גיטעלע: ווי געהט עס איהם?

מעכלע: א גרויסער ארעמאן!

גיטעלע: וויפיעל קינדער האט ער?

מעכלע: שיינט מיר 3...

גיטעלע: ווי זעהט ער אוים?

מעכלע: עס איז איהם זעהר שווער צו דערקענען, איין אלטער מאן געווארען, גאר ניט דער וואס מיר האבען א מאל געקענט.

גיטעלע: ווען האסטו איהם דאס לעצטע מאל געזעהן?

מעכלע: היינטיגען ווינטער בין איך א מאל פארבייגעגאנגען זיין געוועלב האט ער מיך אריינגערופען.

גיטעלע: און וואס האט ער דיך געפרעגט?

מעכלע: עטליכע געצעהלטע ווערטער!

גיטעלע: איז ער כאטש געזונד?

מעכלע: ער ווייזט אוים קראנק, צו בראכען.

גיטעלע: און ווי אזוי בעוואהנט ער זיך?

מעכלע: אוי גיטעלע! א שרעק אונצוקוקען, אונטער דעם געוועלבל איז דא א קליין פינסטער צימערל און דארט וואהנט ער מיט די גאנצע פאמיליע. דער דלות פייפט אין אלע ווינקעלעך, די קינדער געהן ארום אובגעריסען און אבגעשליסען, דאס ווייב א שוואכע, א קראנקע, בלייך ווי דער טוידט. פאר דעם ווייב און די קינדער האט ער א פנים ניט געוואלט רעדען מיט מיר, נאר מיר זענען אויף איין מינוט געבליעבען אליין האט ער מיך באלד געפרעגט אויף דיר. דערנאך האט ער אנגעוויזען אויף דעם צימער און האט געזאגט: איהר זעהט מעכלע? אט דא וועל איך שטארבען א לאנגזאמען, אבער זיכערן טוידט, אין דעם פינסטערן פרידען! איך זאג דיר גיטעלע אז

דאָס הערץ איז מיר צובראָכען געוואָרען, עס איז אַ גרויס רחמנות אויף איהם.

גיטעלע: דו ווייסט, מעכלע? איך האָב איהם 2 בריעף געשריעבען.

גיטעלע: ווער? דו בענזשעמען 2 בריעף?

גיטעלע: 2 בריעף.

מעכלע: וואָס האָסטו איהם געשריעבען?

גיטעלע: אין צווייטען בריעף האָב איך איהם געשריבען אַז איך פאָהר אַרויס און וועל אַהער פערפאָהרען.

מעכלע: נו און אין ערשטען?

גיטעלע: דאָס איז געוועהן אַזאַ בריעף וואָס בענזשעמען האָט מיר בעדאַרפט אַנטוואָרטען, ער האָט מיר אָבער גאָר ניט געענפערט, מיין הערץ שרעקט מיך זעהר.

מעכלע: גיטעלע מעג איך אויך וויסען וואָס דו האָסט איהם געשריעבען?

גיטעלע: יאָ, פאַר וואָס ניט. איך האָב איהם געשריעבען אַז מיין נעטעניו דאַרף האָבען אַ טאַטען ווייל די מאַמע שטאַרבט.

מעכלע: אָ! וועה מיר! פאַר וואָס האָסטו מיר עס ניט געשריעבען איך וואָלט דאָך געוועהן געקומען צו דיר.

(בענזשעמען קומט אַריין אַ צובראָכענער.)

גיטעלע: שאַ, מעכלע שאַ... אָ!

מעכלע: וואָס איז דיר? (זעהט בענזשעמען) אוי וועה מיר! (אָב)

בענזש: גיטעלע דאָס ביסט דו?

גיטעלע: אָה בענזשעמען איך האָב דיך גאָר ניט דערקענט! ביסט אַ אַלטער מאַן געוואָרען.

בענזש: אָ! גיטעלע, דאָס איז ניט בענזשעמען, דאָס וואַנדערט אַרום אַ שאָטען. בענזשעמען איז לאַנג געשטאָרבען... ביסט היינט געקומען?



גיטעלע: גאָר ניט לאַנג.

בענזשעמען: און צו וועם ביסטו פערפאָהרען?

גיטעלע: צו מיין שוועסטערקינד, צו אַביגדורן... דאָס איז דאָך אונזער נעטעניו! אונזער קינד! (בענזשעמען קושט עס) דאָס איז אַן אֶמת'ר אַ וואַרמער פעטערליכער קוש. אַ יאָ מיר האָבען אַ שענע טאָכטער? זי איז אָבער ניט תמיד אַזוי שען געוועזען. זעהר שווער איז מיר געוועזען ביז איך האָב זי ערצויגען. תמיד קראַנק געוואָרען אויף פערשיעדענע קראַנקהייטען. 2 מאָהל דיפטעריע געהאַט מאָזעלן, סקאַרלאַטין, איינמאָל האָט מען זי אין האָספיטאַל צוגענומען, מען האָט מיך צו איהר ניט צוגעלאָזט. עס איז געוועזען ווינטער, דער שנע איז געלעגען אויף דער ערד, און איך בין אַרומגעגאַנגען גאַנצע נעכט פאַר'ן האָספיטאַל און דאָ איז נישטאָ מיט וועמען צו רעדען, ניט דאָ פאַר וועמען דאָס הערץ צו עפנען. אָ! ניט אומזיסט איז מיין געזונד אַזוי שנעל צובראָכען געוואָרען. דו ווייסט בענזשעמען. זייט מיר האָבען זיך ערקענט האָב איך דיר שוין עטליכע מאָל געזעהן וויינען. אַמאָהל האָבען מיך דיינע טרערען געאַרט, זיי האָבען מיך געשראָקען, אָבער יעצט פרעהן זיי מיך. איך פיהל ווי דיינע טרערען וואַשען אַראָב די גאַנצע ביטערקייט פון מיין הערץ (זי צו הוסט זיך)

בענזש.: וואָס איז דיר גיטעלע? דו ביזט אַזוי קראַנק! גיטעלע פאַר וואָס האָסטו אַזוי לאַנג געשוויעגען? מיט וואָס קען איך דיר יעצט העלפען?

גיטעלע: פאַר וואָס האָסטו אויף מיינע בריעף ניט געענפערט.

בענזש.: אָ! גיטעלע, 20 מאָהל האָב איך אָנגעפאַנגען צו דיר צו שרייבען, אָבער וואָס האָב איך געקענט שרייבען? מיט וואָס האָב איך דיר געקענט העלפען? אום דיר צו העלפען דאַרף איך זיין אַ פרייער מענש, און איך בין

אַ קאַטאָרזשניק געשמידעט אין שווערע קעטען, מײַן שטוב איז מײַן קאַטאָרגע, מײַן פרוי, מײַנע קינדער די זענען די קעטען. ווי אַזוי קען איך דיר יעצט העלפען? זאָג וואָס איך זאָל טהון? הײם מיר אין פײַער שפּרינגען און איך וועל עס טהון.

גיטעלע: געדענקסטו בענזשעמען, אַז איך בין אַוועק האָב איך דיר געשריבען?

בענזשעמ.: יאָ איך געדענק.

גיטעלע: געדענקסטו וואָס איך האָב דיר געשריבען?

בענזש.: יאָ דו האָסט מיר געשריבען אַז מיר מוזען אונזער ליבע בעגראָבען און אויפשטעלען אויף איהר אַ מצבה מיט דער אויפשריפט פליכט. דער קבר האָט זיך אָבער אויפגעמאַכט און אונזער ליבע איז אַרויס און אונזער לעבען איז דאַדורך....

גיטעלע: פערלאָרען בענזשעמען! פערלאָרען! איך האָב דיר נאָך עפּעס געשריבען: אַז איך בין שטאַרקער אַלס דײַן פרוי און דערפאַר מוז איך לײַדען. יעצט אָבער בין איך קראַנק, צעבראָכען און בין געקומען צו דיר בענזשעמען אַז דו זאָלסט מיר העלפען...

בענזשעמען: זאָג מיר וואָס איך זאָל טהון, ווי אַזוי זאָל איך דיר העלפען?

גיטעלע: בענזשעמען גיב מיר דײַנע האַנד! פאַר וואָס דרעהסט דו אַוועק דעם קאָפּ, פאַר וואָס קוקסטו מיך ניט אָן?

בענזש.: איך קען ניט! איך פיהל מיך אַזוי שולדיג געגען דיר!

גיטעלע: איך בעשולדיג דיך ניט בענזשעמען, ווײַל איך זעה דײַן הערץ דורך און דורך... אַז איך וועל שטאַרבען...

בענזש.: אָ! גיטעלע וואָס רעדסטו?

גיטעלע: לאָז מיך אַרויס רעדען בענזשעמען: אַז איך וועל שטאַרבען, זאָלסטו ניט פערגעסען אַז דו ביזט נעטעניוס טאַטע, ווי ווײַט מעגליך זאָלסטו אַכטונג געבען אויף דער



אָרמער יתומה. און אַז זי וועט גרויס ווערען, זאָלסטו זי נעהמען אויף מײַן קבר; דו זאָלסט איהר ערצעהלען אונזער טרויריגען סוף און דו זאָלסט זי בעטען זי זאָל מוחל זײַן איהר אונגליקליכער מאַמע (ביידע ווײנען שטאַרק)

בענזש.: אוי וועה איז מיר, וואָס זאָל איך יעצט טהון?

גיטעלע: יעצט געה אַהײם בענזשעמען. איך ערוואַרטע באַלד מײַנע עלטערן. דו ווייסט דאָך אַז איך וועל שוין יעצט דאַרפען אונקומען צו מײַן טאַטען, געה! בענזשעמען געה! (בענזשעמען אָב)

פייגע: וואו איז מײַן קינד, מײַן גיטעלע, וואו?

גיטעלע: מאַמעניו!

פייגע: גיטעלע! (אומאַרמונג) וועה מיר! וואָס איז געוואָרען פון מײַן שענער טאָכטער!

גיטעלע: וואו איז דער טאַטע? ער איז נאָך אַלץ ברוגז?

פייגע: דער טאַטע זיצט אין דער הײם און ווײנט, עס איז אונז זעהר ביטער, טאָכטער מײַנע. וואָלטען מיר ניט געוואָהנט בײַ די פּטאַשקינס אין הויז וואָלט די צרה ניט אַזוי גרויס געוועהן. אָבער וואָס טהוט מען יעצט, ווי לעגט מען אַוועק דײַן קראַנקען קאָפּ?

קינד: מאַמאַ!

גיטעלע: וואָס איז נעטעניו? וואָס ווילסטו? שטעה אויף טרינק אַ ביסעלע מילך.

פייגע: אוי וועה מיר! (שפּרינצע לויפט אַרײַן)

שפּרינצע: גיטעלע דער טאַטע געהט אַהער.

גיטעלע: דער טאַטע, אוי! (נחום קומט אַרײַן פערווײנט) טאַטעניו, טאַטעניו!

נחום: אָ! וואָס איך האָב דערלעבט צו זעהן! וואָלט העז

ניט בעסער געוועהן. ווען מיינע אויגען וואָלטען געוועהן מיט שערבעלעך בעדעקט, איידער צו זעהן וואָס פון מיין קינד איז געוואָרען!

גיטעלע: אָ! וויינט ניט! וויינט ניט איך בעט אייך! איך קען אייערע טרעהרען ניט איבערטראָגען.

נחום: גיטעלע! אָ! (געהט צו און קושט איהר די האַנד) אך! גאָטט ווייסט, דאָס הערץ איז מיר פערגאָסען מיט בלוט ווען איך זעה וואָס פון מיין קינד איז געוואָרען. זאָג מיר וואָס קען איך יעצט פאַר דיר טהון, מיט וואָס קען איך דיר העלפען?

פייגע: באַלד מוזען מיר נעמען אונזער קינד אַהיים. ס'איז קראַנק! זי איז צובראָכען, וועה איז צו מיינע אַלטע יאָהר!

נחום: וואָס רעדסטו! וואָס צאַפּסטו מיר נאָך דאָס בלוט! זי נעמען אַהיים? קוק דאָס אָן און זאָג צו מען קען זי אַהיימנעמען. האָסטו פערגעסען ביי וועמען מיר וואָהנען? און אין וואָס פאַר אַ וועלט מיר לעבען אָ! אָ! אָ! פאַר וואָס ביסטו צוריקגעקומען? פאַר וואָס? איז נאָך ווייניג געוועהן די צרות וואָס מיר האָבען פריהער געהאַט? די שאַנדע וואָס מען האָט אַביסעל פערגעסען! ביסטו אַהער געקומען דעם טאַטענס הערץ אַרויסרייסען. וויעדער באַדעקען זיין אַלטען קאָפּ מיט שאַנדע! צו וואָס ביסטו געקומען? וואָלט איך געוואָלט וויסען. צו וואָס?

גיטעלע: איך בין געקומען שטאַרבען נעבען מיין טאַטען, נעבען מיין מאַמע און נעבען מיין שוועסטער! ווילסטו מיך יעצט אויך אַרויסטרייבען? (אַלע וויינען)

נחום: נו, שאַ! נו שאַ! ווען אַזוי האָב איך אַ גוטען פּלאַן: איך וועל אַהין געהן, דו ווייסט שוין וואָהין פייגע? איך וועל מיט מיר מיטנעמען דאָס קינד, און וועל זיי בעטען, איך וועל פאַר זיי וויינען, איך וועל זיי צו די פיס פאַלען, וועלען זיי אֶפשר נעמען דאָס אָ... און וועלען



עס אַוועקגעבען אין אַ בית יתומים, און זי וועלען מיר נעמען אַהיים!

גיטעלע: ניין טאַטעניו, מיין קינד דאַרף קיין בית יתומים, מיין קינד דאַרף אַהיים, מיין קינד איז ניט אַ יתומה, מיין קינד האָט אַ טאַטע און אַ מאַמע. ווען שעהמען, דאַרפסטו דיך שעהמען מיט מיר, אָבער ניט מיט מיין קינד. אויף מיר קענען מענשען טייטלען מיט די פינגער אָבער אויף מיין קינד, קענען נור טייטלען די מענשען וואָס זיי האָבען ניט קיין געפיהל! דו הערסט טאַטעניו יעדען מענסטו זאָגען אַז מיין קינד איז אונשולדיג, מיין קינד איז קיין פערברעכען ניט בעגאַנגען! דאַרום בעט איך...

נחום: וואָס בעטסטו מיך? אויף וועמען זאָל איך רחמנות האָבען? אויף דעם קינד אָ!... פון דעם קינד וויל איך ניט וויסען, איך וויל ניט הערען דערפון, איך וויל עס ניט זעהען.

אבינדור: ווען אַזוי? וועט גיטעלע מיט דעם קינד בלייבען ביי מיר!

מעכלע: גיטעלע פאָלג מיך: אויף עטליכע וואָכען גיב אַוועק דאָס קינד, מיר וועלען דיך אַ היים נעמען מיר וועלען ריפען דאָקטאָרען, מיר וועלען דיך ראַטעווען, דערנאָך וועלען מיר דיר אָב ברענגען דאָס קינד.

פייגע: יאָ טאָכטער מיינע טהו דיר אָן.

שפרינצע: פאָלג דעם טאַטען גיטעלע, ער מיינט נאָר דיין טובה.

גיטעלע: וואָסזשע? זענען שוין אַלע האָפנונגען פערלאָרען? אַלע וועגען פערמאַכט? אַלע שטריק צעריסען? נעטעניו מיר מוזען זיך שיידען, די מאַמע קען דיך ניט האַלטען, דו מיזט אַוועק געהן פון איהר! געה מיין קינד, די

מאמע וועט קומען צו דיר יעדען טאג, דיר ברענגען שענע זאכען, זײַ געזונד מײַן קינד! גיה!

**נחום:** פײַגע! הער אויס דא, איך קום באלד צוריק! (צום קינד) קום מיט מיר.

**קינד:** מאמע!

**גיטעלע:** א!

**קינד:** מאמע!

**גיטעלע:** א! לאזט מיך! לאזט מיך צו מײַן קינד! וואס ווילט איהר פון מיר? איך קען זיך מיט איהר ניט שיידען, ביז אין מײַן טויט וויל איך זײַן מיט איהר!

**אללע:** גיטעלע!!! (גיטעלע פאלט נעבען קינד).

**פארהאנג פאלט.**





# פירטער אקט.

(א שפיטאל, פערשידענע קראנקע, גיטעלע אין א בעט, נעבען איהר א טישעל מיט פיעל רעצעפטין).

---

**דאקטאר:** אין איינער האלבען שטונדע זאלען זי דאס בעט פערשטעלען מיט א שפאניש ווענטעל.

**וועכטערין:** איז עס זא שלעכט מיט איהר?

**דאקטאר:** יא, זי קען העכסטענס לעבען נאך איין האלבע שטונדע.

**וועכטערין:** א דאקטאר! איך וועל עס ניט קענען צו זעהן.

**דאקטאר:** אך איהר זענט א!... נייע, עס איז אימער אזוי שלעכט מיט די צוגעקומענע וועכטערנס. געבען זי איהר אביסעל מעדיצין פון דעם רויטען פלעשעל. אלע וואס פיהלען זיך בעסער קענען אויף איין האלבע שטונדע שפאצירען געהן! (אב)

**וועכטערין:** אה די דאקטוירים! זיי האבען גאר קיין הערץ! זיי פיהלען גאר ניט! (אלע פאציענטען געהען אב) גיטעלע כאפט זיך אויף) נו ליבע פרוי פיהלען זי זיך בעסער?

**גיטעלע:** יא אלע שמערצען זענען פון מיר אוועק, און איך פיהל מיך בעסער. האט מען געשיקט נאך מיינע עלטערן?

(געזאנג פון הינטער דער סצענע)

**וועכטערין:** יא!

**גיטעלע:** איך מיין אז מען וועט זיי אומזיסט האבען איבער־געשראקען.

**וועכטערין:** איך דענק אז זעהן זיך מיט אייערע עלטערן וועט אייך גוט מאכען!

**גיטעלע:** ווער זינגט דארט?

**וועכטערין:** דאָס זינגען די וועכטערינס.

**גיטעלע:** וואו זינגען זיי?

**וועכטערין:** בײַם ברעג פון טײַך!

**גיטעלע:** עס איז אַזוי פינסטער! די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען! פיהרט מיך צו צום פענסטער, איך וויל נאָך אַמאָל זעהן די זון (וועכטערין העלפט איהר, פאַלט צוריק) אָ! איך קען ניט! מיר איז אַזוי קאַלט!! (וועכטערין גיט איהר מעדיצין) אָ! וואָס איז דאָס, עס איז אַזוי ביטער?

**וועכטערין:** דאָס איז ווײַן, פיהלען זי זיך שוין בעסער?

**גיטעלע:** יאָ. עס איז מיר בעסער, עס איז מיר... אַזוי וואַרם.

(שלאָפט אײַן עס קומען אַרײַן אבינדור און שפרינצע.)

**וועכטערין:** שטיל! רוהיג! זי שלאָפט!

**שפרינצע:** אַביגדור וואָס איז דאָס? איך האָב מורא אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן.

**וועכטערין:** וואו זענען איהרע עלטערן?

**שפרינצע:** יאָ, וואו זענען זיי? זיי האָבען דאָך גענומען אַ דראָשקע פאַר אונזערע אויגען.

**אביגדור:** זיי האָבען אודאי געמוזט אָב טרעטען אין אַ שוהל אײַנרײַסען אין ארון קודש.

**שפרינצע:** זאָג נור האָסטו געזאָגט דעם... ווי זי האַלט?

**אביגדור:** יאָ, איך האָב איהם געזאָגט. שאַ! שאַ! אָט זײַ געהען שוין!

(עס קנמען אן נחום, פייגע און מעכלע.)

**מעכלע:** נו וואָס הערט זיך?

**וועכטערין:** רוהיג! זי שלאָפט!

**מעכלע:** אוי וועה! ווי זי האָט זיך פערענדערט! אוי טאַטעניו עס איז שלעכט.

**פייגע:** וועה איז מיר! אַזאַ מין מאָרנע שלאָף! נו יאָ די אַלטע



מאַמע לעבט און אַזאַ יונגער בוים מוז אָבגעריסען ווערען פון דער וועלט!

**נחום:** שאַ! פייגע, שוין לאַנג [illegible] זי שלופט?

**שפרינצע:** איך ווייס ניט, אַז מיר זענען אָנגעקומען איז זי שוין געשלאָפען.

**אביגדור:** אפשר וועט גאָט העלפען אַז דער שלאָף וועט איהר גוט טהון!

**פייגע:** נחום, דו האָסט אַוועק געטראָגען די ליכט אין שוהל?

**נחום:** יאָ!

**פייגע:** דו האָסט געדאַרפט אַוועקזעצען אַ פאָר מענשען תהלים זאָגען.

**אביגדור:** געה זיך תהלים־זאָגערס אין ניו־יאָרק.

**נחום:** די קראַנקע מאַנסבילען פון דאַנען האָבען מיר צוגעזאָגט אַז זיי וועלען תהלים זאָגען פאַר מײַן קינד.

**פייגע:** ווען אַזאַ אונגליק טרעפט זיך בײַ אונז אין דער היים, אין אָרשע, לויפט מען אויף דעם הייליגען אָרט; מען רײַסט קריעה; וואו זאָל איך דאָ געהן? וואו זאָל איך דאָ לויפען? אַז איך ווייס אפילו ניט וואו אַ בית עולם וואַקסט.

**נחום:** נו אַביגדור, חכם מײַנער! שען האָט איהר אויסגעפיהרט! יעצט זעה דעם סוף!

**אביגדור:** דער סוף איז זעהר טרויריג, אָבער וואָס מיינט איהר עפּעס מיט דעם וואָרט איהר?

**נחום:** איך מיין דו, זיי! אַלע וואָס האָבען געהאַט אַ האַנד און מײַן קינדס אונגליק. מע איז געגאַנגען ווי מע האָט נישט געדאַרפט, מע האָט געטהון וואָס מע האָט ניט געדאַרפט, יעצט זעה וואָס איז געוואָרען? זעה דעם סוף!

**אביגדור:** יאָ דער סוף איז זעהר אַ טרויריגער!

**שפרינצע:** אָה אַזאַ סוף קענען האָבען אַלע די וואָס פאָלגען ניט אַ טאַטען.

**אביגדור:** אָבער ניט איך בין שולדיג אין גיטעלעס סוף, שולדיג

זענט איהר און נאָך אַ זעלכע מענשען ווי איהר זײַט! מיט אײַערע דינים מיט אײַערע מנהגים. מע האָט איהר פערקערצט איהרע טעג, פערטריבען פון דעם היים, און פערוויסט איהרע יאָהרען

**נחום:** ער רעד נאָך!

**שפרינצע:** ער ווייסט דען וואָס ער רעד!

**מעכלע:** אָבער צו וואָס טויגען אינגאַנצען אײַערע רייד? וואָלט איך געוואָלט וויסען. מיט אײַער רעדען קענט איהר יעצט עפּעס העלפען אונזער גיטעלען? אָה מאַמעניו זעה זי האָט זיך אויפגעכאַפּט! גיטעניו — !

**פייגע:** גיטעניו טאָכטער מײַנע, מיר זענען אַלע דאָ!

**נחום:** גיטעלע, דער טאַטע איז אויך דאָ. דאָ בין איך וואו אַ הין קוקסטו?

**ניטעלע:** איהר זעהט מע האָט מיך שוין אָבגעשניטען פון אַלע, איך שטאַרב שוין! מאַמעניו בעג דיך אָן איך וויל דיר געבען אַ קיש.

**פייגע:** אוי גאָטעניו נעם מיך בעסער צו פאַר מײַן קינד.

**גיטעלע:** האָט מען געשיקט נאָך מײַן קינד?

**וועכטערין:** בערוהיגיין זי זיך, איך האָב יעצט טעלעפאָניש אָנגעפרעגט און מען האָט מיר געזאָגט אַז דאָס קינד איז שוין אויף דעם וועג אַהער.

**נחום:** גיטעניו! טאָכטער איך בין עס דער טאַטע, דערקענסט מיך?

**גיטעלע:** יאָ, יאָ!

**נחום:** אָ דער רבש"ע אין הימעל איז זעהר אַ גוטער. דער מענש דאַרף קיינמאָהל זײַן האָפנונג ניט אויפגעבען. דו ביסט שוין אַסך מאָהל געוועהן בײַ מיר אַזוי קראַנק. עס איז שוין געוועהן אַ צײַט אַז מען איז שוין געשטאַנען, מיט לעכט אַרום דיר, דו געדענקסט פײַגע? און פון



דערסטוועגען אַז גאָט האָט געוואָלט האָט ער דיר געשיקט אַ רפואה שלימה און דו ביזט געזונד געוואָרען. ביז אין לעצטען אויגענבליק דאַרף מען דאַנקען און לויבען גאָט! נאָר גיטעניו יעצט איז פאַר אונז אַלע אַנ'ערנסטע שעה געקומען, און איך וויל מיט דיר זאָגען וידוי, מײַן קינד.

**מעכלע:** אוי טאַטעניו!

**גיטעלע:** געדענקסט טאַטעניו אַז פון דעם סידור האָסט דו מיך געלערנט דאַווענען נאָך דאָרט אין אָרשע, ווען איך בין געוועהן אַ קליין קינד.

**נחום:** יאָ פון דעם סידור האָב איך דיך געלערנט דאַווענען און יעצט מוז איך פון דעם זעלבען סידור מיט דיר זאָגען וידוי. גאָט איז גערעכט און זײַן משפט איז גערעכט.

**גיטעלע:** הײַנט טאַטעניו וועל איך דיר קיין זאַך אָבזאָגען.

**נחום:** און זאָג מיר נאָך טאָכטער מײַנע וואָרט בײַ וואָרט אנא...

**גיטעלע:** אנא!

**נחום:** תבא!

**גיטעלע:** תבא

**נחום:** לפניך!

(דאָס קינד לויפט אַריין)

**קינד:** מאַמעניו איך וויל בלײַבען מיט דיר!

**גיטעלע:** אָה טאַטעניו האָב רחמנות אויף מיר, און אויף מײַן קינד! נעם צו זיך דאָס קינד. פאַרוואָס זאָל דאָס אונגליקליכע קינד בלײַבען אויף דער וועלט אויף פרעמדע האַנד. צווישען פרעמדע מענשען. (בענזשעמען קומט אַריין אַ צובראָכענער) הער די בקשה פון אַ שטערבענדער טאָכטער: נעם צו זיך מײַן קינד! זי בלײַבט אָהן אַ טאַטע און אָהן אַ מאַמע!

**בענזש:** איהר טאַטע איז דאָ!

אללע: ער! דא? בענזשעמען?

נחום: ער איז געקומען דער רוצח, יעצט ווען זי שטארבט!

בענזש.: גיטעלע!

גיטעלע: בענזשעמען איך שטארב!

בענזש.: גיטעלע דאס קינד נעם איך צו מיר!

גיטעלע: אזוי? שטארב איך א גליקליכע...

מעכלע: א! וועה! ווי זי האט זיך פערענדערט, א! א דאקטאר!

אללע: א דאקטאר! (דאקטאר בעטראכט זי, הייסט איהר איבער דעקען „זי איז געשטארבען").

נחום: ברוך דיין האמת! א! גיטעלע איז טוידט! געשטארבען איז אונזער קינד! געבראכען זענען אונזערע הערצער.

פארהאנג פאלט.

ענדע.



פערלאַג „פּראָגרעס" וואַרשאַ

האָט אָב געדרוקט

אַלע ווערק פֿון דעם בעליעבסטען פאָלקס־דיכטער

# אברהם רייזען.

אין צוויי גרויסע בענדער פּראַכטפאָהל שעהן געדרוקט
אויף גוט פּאַפּיער לויט די לעצטע מאָדערנע אויספיהרונג
וואָס ביז יעצט איז נאָך אין יודיש אַזוי שעהן ניט געדרוקט
געוואָרען, מיט דעם בילד פון דעם דיכטער.

ערשטער באַנד:

ערצעהלונגען, בילדער, סקיצען, הומאָרעסקעס,
און דראַמעס פון דעם אַלגעמיינעם לעבען.

צווייטער באַנד:

פּאָעזיע.

ביידע בענדער ענטהאַלטען ערך 800 זייטען.

---

פּרייז פיר יעדען באַנד 1 רובל 25 קאָפּ׳.

געבונדען אין פּראַכט באַנד צו 40 קאָפּ׳ פיר אַ באַנד.

---

מיט בעשטעלונגען זיך ווענדען:

Книгоиздательство „ПРОГРЕССЪ"
Я. ЛИДСКІЙ, Варшава, Налевки 36. (Телефонъ 61-63).

די איבעריגע ווערק פון א. רייזען, ווערט איבערגעגעבען צום דרוק.
ביים ערשיינען וועט מען אין בעזאָנדערע אַנאָנסען בעקאַנטמאַכען.